א. ז.

# אַ ווִדוי פֿון אַנ׳אַקושערקע

אדער

סודות ווענען געהיימע קינפעטארינס.



ווארשא 1909

Исповѣдь Акушерки.
А. С.

Машино-наборная типографія Натана Розенфельда,
Варшава, Панская 20.

# אנשטאט א פארערע.

---

דאָס איז געשעהען מיט א האלב יאָהר צוריק. איך האָב צוריקגעקעהרט פון ווייטען מזרח, וואו איך האָב פערברענגט עטליכע יאָהר: אָנפאַנגס אַלס עלטסטער דאָקטאָר בײַ אײַנער פון די אָבטײַלונגען פון דער טעטיגער אַרמיע, און דערנאָך אַלס אָרדינאַטאָר פון שטאָדטישען שפּיטאָל אין ב.

עטליכע צעהנדליג וויאָרסט פאַר נ ע ר ט ש י נ ס ק האָב איך זיך אַראָבגענומען אין א זײַט, אום צו פערפאָהרען אין אַ פערוואָרפען דערפעל, וואו עס וואָהנט שוין פון א סך יאָהרען מײַן עלטערער ברודער, יעצט שוין אַנ׳אַלטיטשקער, און אַמאָל אַ בעוואוסטער „נאַראָדאָוואָליעץ״.

אין דעם זעלבען טאָג, ווען איך בין אָנגעקומען אין דעם דאָזיגען פערוואָרפענעם ווינקעל, איז דאָרט פאָרגעקומען אַ לויה פון אײנער א פערשיקטער, וועלכע האָט זיך מיט־דרײַ טעג צוריק אויפגעהאַנגען אויף די טהירען פון איהר צימער. דערווײַסענדיג זיך, אַז די פערשטאָרבענע האָט נישט געהערט צו דער קאַטעגאָריע פון די פּאָליטישע, האָב איך זיך פער־אינטערעסירט צו וויסען, ווער זי איז פאַר אײַנע, און אין

איהר נאָמען האָב איך דערקענט די העלדען פון איינעם פון די סענסאַציאָנעלע פּראָצעסען, וועלכער האָט מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק פּעראינטערעסירט גאַנץ פּעטערבורג. דאָס איז געווען אַ פּראָצעס פון אַנ׳אַקושערקע, וועלכע האָט געהאַט אין פּעטערבורג אַנ׳איינענע אַנשטאַלט פאַר קינפּעטאָרינס, וואו עס איז כמעט אָפען פּאָרגעקומען אַ גאַנצע ריההע פון געקינסטעלטע ענטבינדונגען (מפּילים). איין אונגעלונגענע אָפּעראַציע וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט׳ן טויט פון דער פּאַציענטקע, האָט צוגעבראַכט די אַקושערקע אויף די באַנק פון די פּערשולדיגטע, און נישט לאַנג פאַר מיין אָבפאָהרען אויף דער מלחמה קיין מאַנדזשוריען, האָב איך, אַלס דאָקטאָר־עקספּערט, אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג אין דעם פּראָצעס פאַר׳ן געריכט פון די געשוואָרענע.

צווישען די אָרעמע זאַכען פון דער פּערשטאָרבענער זענען איבערגעבליבען עטליכע דינגע, פּערגעלטע און פּערשטויבטע העפטלעך. דאָס איז געווען אַ טאָג־ביכעל פון דער פּערשטאָרבענער, מיט וועלכען דער לעזער וועט זיך בעקאַנען אין די ווייטערדיגע קאַפּיטלען. איך האָב געבעטען די איינענטימערין פון איהר וואָהנונג און זי האָט מיר אָוועקגעגעבען די העפטלעך, און ווען איך בין בעת׳ן מעסיגען קלאַפּען פון די רעדער פון דער סיבירער אייזענבאַהן, דורכגעלאָפען די דאָזיגע אייגפאַכע, אָפענהערציגע בעשריבענע בלעטלעך, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז זיי קאָנען זיין אינטערעסאַנט נישט פאַר מיר אַליין.

איך האָב אַלזאָ בעשלאָסען די העפטלעך צו פּערעפענטליכען, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס איך האָב געוואוסט און טויס נאָך יעצט, ווי אונפריינדליך מען וועט זיי בעגעגענען אין געוויסע ספערען, ווי עס וועלען אויפגערעגט ווערען און וואָס פאַר אַ גערודער עס וועלען מאַכען די פאַלשע צבוע׳קעס.

דער שרעקליכער פּערברעכען, וועלכער האָט געבראַכט די שרייבערין פון די דאָזיגע נישט אויסגעקלערטע און אָפענהערציגע שורות — אויף די באַנק פון די אָנגעקלאָגטע, האָט אָנגענומען אין אונזערע צייטען אַ מאַסען־כאַראַקטער און ווערט ביסלעכווייז אַ ריעזיגע געזעלשאַפטליכע פּלאָג, וועלכע מען וועט קאָנען בעקעמפּפען נאָר דאַן, ווען מען וועט וועגען

דעם פערברעכען אַ סך רעדען און וועניג איהם טהון, און ניישט פערקעהרט, ווי עס פאַסירט יעצט.

איך האָב גאָרנישט אַראָבגענומען און גאָרנישט צוגעלעגט צו דעם שרעקליכען ודוי, נאָר צוליעב וועהר לייכט־פערשטענדליכע סבות האָב איך געמוזט ענדערען די נעמען פון די פערזאָנען, וועלכע ווערען דערמאָנט אין דעם טאָג־ביכעל, ווי אויך די דאַטעס, ווייל די אַנטייל־נעהמער פון דער שרעקליכער טראַגעדיע לעבען נאָך ביז יעצט.

איך וויל גלויבען, אַז הערצליישענדיג דאָס ביכעל, וועט זיך נישט איין פרויענצימער אָבשטעלען און פריהער זיך גוט בעקלערען, עהדער זי וועט געהן צו אַנ'אַקושערקע, און אויב נאָר אפילו איינע פון זיי וועט זיך צוליעב דעם ענטזאָגען פון איהר פלאַן, וועט שוין אויך דאָס ביכעל נישט פערפאַלען ווערען אָהן נוצען.

————————

די טויזענדער נשמות פון די קליינע מלאכים־
לעך;
די טויזענדער נשמות פון די נאך ריינמאל
נישט געלעבטע און דאך שוין געשטארבענע
שטיקלעך פלייש און בלוט—

ווידמעט די בלעטלעך

זייער מערדערין.

25־טען נאָוועמבער, 1903.

איך האָב נאָר וואָס צוריקגעקעהרט פון דער פּראַקטיק און אַ פּערמאַטערטע, אַ פּערפרוירענע און אינגאַנצען אַ פּערשאָטענע מיט שנעע — האָב איך זיך מיט מיה קוים אַריינגעקריגען אין בעט אַריין, וואו איך בין אַנידערגעפאַלען גאַנצליך אָנ׳אָהנמעכטיגע.

נו, האָב איך עס היינט געהאַט אַ טאָג! אויפגעוועקט האָט מען מיך כמעט 6 אַ זייגער אין דערפריה: עפּעס אַ פּויער פון אַ שכנות׳דיגען דערפעל האָט מיך אָבגעפיהרט צו זיין ווייב, וועלכע — לויט זיינע ווערטער — „דערגעהט שוין און אָט־אָט וועט זי אָבגעבען איהר גייסט צו גאָט״. דאָס אַלץ האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען אַ נאַרישקייט, און די געזונדע באַבע האָט זיך ווי צו׳ם גליקליכסטען ענטבונדען נאָך פאַר מיין קומען צופאָהרען צו איהר. פונדעסטוועגען האָב איך געמוזט פערברענגען נעבען איהר אַ גאַנצע שעה כמעט, און ווען דאָס אויסגעדאַרטע פערד האָט מיך צוריק דערשלעפּט אַהיים, האָט זיך שוין פונקט אָנגעהויבען די צייט פון עמפּפאַנגען די קראַנקע.

היינט איז אַ מאַרק־טאָג; דער דאָקטאָר איז אין שטאָדט, אויף אַ מעדיציני־שער בעראַטונג, — איך האָב געמוזט אַרבייטען אליין אַליין מיט׳ן פעלדשער איוואַן אַנטאָנאָוויטש. און ווען איך האָב אַ קוק געטהון אויף די אָהנעענדליך ציהענדע, טרויעריגע און גרויע געזיכטער פון די פּאַציענטקעס, וועלכע האָבען ווי אַ געלאַסענער און נודנער טייך אַליין אַריינגעפליסט און אַריינגעפליסט אין מיין עמפּפאַנגס־צימער, האָט מיר וויעדער אַמאָל געגומען לעכערען אין מוח אַלין דער זעלבער געוועהנליכער און שטענדיג שרעקליכער געדאַנק: וואָס פאַר אַנ׳אומזיניגע און אומנוצליכע זאַך איז עס די דאָזיגע מעדיצין, די מעדיצין אין דאָרף, אָהן אַ שפּיטאָל, אָהן אינסטרומענטען און אָפט אויך אָהן רפואות! הונדערט, הונדערט פופציג קראַנקע אויף איין עמפּפאַנג; קראַנקע אומבעוואוסטזיניגע, נאַרישע, וועלכע קאָנען קיינמאָל גאָרנישט זאָגען, און ווען מען זאָל פאַר יעדען איינציגען פון זיי בעשטימען נאָר פינף מינוט, וואָלט אויך אויסגעקומען אויפצונעהמען, נישט אויפשטעהענדיג פון דעם אָרט אין פערלויף אַמוועניג־

סטעֶנס גאַנצעֶ צעֶהן שעה דורכאַנאַנד! און צִי דעֶן אִיז מעֶגלִיך אִין פעֶרלויף פון פִינף מִינוט האָטש אויבעֶרפלעֶכלִיך אויסצו־פאָרשעֶן דעֶם קראַנקעֶן? נִישט ווִילעֶנדִיג הויב אִיך אָן קלעֶרעֶן, אַז אונזעֶר דאָקטאָר מִיט דִי זעֶלנעֶרשעֶ מאַנעֶרעֶן, אִיז גאַנץ געֶרעֶכט, וואָס עֶר נעֶהמט אויף צו 10 קראַנקעֶ מִיט אַמאָל און פעֶרשרייַבט זיי רפואות, ווִי עֶר דרִיקט זִיך זעֶלבסט אויס: „לויט דעֶר אַרטִיסטִישעֶר בעֶגייַסטעֶרונג".

דאָס אויפנעֶהמעֶן פון דִי קראַנקעֶ האָט זִיך נאָר וואָס געֶעֶנדִיגט און. פאַר דעֶר טהִיר וואַרט שוין אויף מִיר אַ האַלבעֶ שעה דִי קִיבִּיטקעֶ*), אִין וועֶלכעֶר אִיך פאָהר אַלעֶ טאָג — שוין פון 2 וואָכעֶן — אַרום 4 אַזייגעֶר נאָכמִיטאָג צו אונזעֶר גלה'טעֶ, וועֶלכעֶ אִיז שוואַנגעֶר געֶוואָרעֶן שוין דאָס צעֶהנטעֶ מאָל און עֶרוואַרטעֶט יעֶדעֶן טאָג אִיהר עֶנטבִּינדונג. זִי אִיז קראַנק, זִי לייַדט אויף אַ סך פעֶדנאַכלעֶסִיגטעֶ און פעֶרעֶל־טעֶרטעֶ פרויעֶן־קראַנקהייטעֶן; מִיט אִיהר וועֶט זייַן אַ שלעֶכט עֶסק. זִי האָט קוים אִיבעֶרגעֶהאַלטעֶן דִי פאָרִיגעֶ קִינפּעֶט, און נאָך דעֶמאָלט האָב אִיך זִי געֶוואָרעֶנט, אַז זִי בעֶדאַרף זייַן פאָרזִיכטִיג, ווייַל בייַ אַ נייַעֶר שוואַנגעֶרשאַפט קאָן זייַן מִיט אִיהר נִישט לוסטִיג. דעֶר פאָפּ ווייסט וועֶגעֶן דעֶם און בעֶאונ־רוהִיגט זִיך שטאַרק. אִין שטוב אִיז אַנ'אונאָרדנונג, אַ שמוץ... דִי קִינדעֶר פעֶרפִיהרעֶן און קרִיגעֶן זִיך. זיי האָבעֶן מִיך פעֶרהאַלטעֶן כמעט בִּיז 8 אַזייגעֶר אִין אָבעֶנד און קיינעֶם אִיז נִישט אויפגעֶפאַלעֶן אפִילו אויפ'ן געֶדאַנק מִיך צו פרעֶגעֶן, צִי האָב אִיך היינט עֶפּעֶס געֶגעֶסעֶן. נו, וואָס געֶהט דאָס זיי אָן.

אִין דרויסעֶן האָט זִיך געֶמאַכט אַ זאַווייעֶרוכעֶ, און דעֶם האַלבעֶן וויאָרסט, וועֶלכעֶר טייַלט אָב מייַן וואָהנונג פון דעֶם גלה'ס הויז, זעֶנעֶן מִיר געֶפאָהרעֶן מעֶהר ווִי אַ שעה. דעֶר ווִינד האָט געֶפייַפט און געֶקרעֶכצט, און דעֶר שנעֶע האָט ווִי רִיעזִיגעֶ זייַלעֶן זִיך געֶדרעֶהט אַרום און אַרום, האָט דורכ־געֶנעֶצט אונטעֶר דִי בודעֶ פון דעֶר קִיבִּיטקעֶ און מִיט אונ־בעֶמעֶרקבאַרעֶ אייז־קנויטלעֶך אִיז עֶר מִיר אַרייַנגעֶקראָכעֶן אִין דִי אַרבעֶל, אויף דִי פלייצעֶס און אִין דִי פִיס.

אִיך האָב אפִילו נִישט אָנגעֶרִיהרט דִי טרוקעֶנעֶ שוואַרצעֶ

---

*) א קליינער וואגען אויף צוויי רעדער.

קאַטלעטען און די פּערקיהלטע זופּ — דער שטענדיגער „מעניו" פון מײַן אַנִיסיע, און אויסטרינקענדיג אויף גיך אַ גלאָז האַלב־פּערקיהלטע טהעע און איבערטהוענדיג זיך, האָב איך זיך אַניעדערגעלעגט אויף דער אָטאָמאַנע, ענטקעגענאיבער דעם אויסגעהייצטען אויווען. אָברוהען, אָברוהען זיך האָטש וואָס עס איז! עס זאָל האָטש נישט קומען ווער עס איז צופּאָהרען און נישט בעטען וועגען קומען צו הילף.

אַ האַלב־שלאָף, אַ האַלב־דרימעל האָבען מיך בעהערשט.

הינטער די פענסטער האָט טרויעריג געפּייפט דער ווינד און געוואָרפען מיט שטיקער קלעבענדיגען שנעע אין די געפרוירענע פענסטער.

ליעבליך האָבען געקנאַקט אין פייער די שטיקער האָלץ, און די בלויליכע פלעמעלעך, איבערלויפענדיג פון איין סענקעלע צום צווייטען, האָבען זיך צוזאַמענגענומען אין איין וואונדערבאַרען און אונגעוועהנליך אָרִגִענעלען דעסען.

איך בין אַרײַנגעפאַלען אין עפּעס אַ וואונדערליכע פערגעסונג.

עפּעס דאָרטען ערגעץ, ווייט, ענטשוויגענדיג ווערען און ווייטער זיך אָנרופענדיג, האָט זיך געהערט דער בעקאַנטער קלאַנג פון אַ גלאָק. די פּאָסט. אַלע מאָל נעהנטער און נעהענטער. עס האָט זיך אויפגעהויבען אַ ווינד און האָט אַוועקגעטראָגען העט ווייט, דעם טרויעריגען, וויינענדען קלאַנג. אויס־ני... אָט האָט מען אַראָבגעדרעהט צום הויף.... עס האָט אַ קלונג געגעבען נאָך אַמאָל און עס איז שטיל געוואָרען...

עפּעס איז געוואָרען אַ געדרודער און אַ טומעל אין פאָרהויז...אין הויף איז געוואָרען לעבעדיג און עס האָבען זיך געהערט שטימען.

עס האָט זיך אויפגעעפענט די טהיר און אין צימר איז אַרײַן אַ קאַלטער, פראָסטיגער און דורכדרינגענדער נעבעל און נאָך איהם האָט זיך אַרײַנגערוקט דאָס פערקנייטשטע, איינגאַנצען מיט שנעע און מיט פערפרוירענע אייז־צעפּעלעך בעדעקטע געזיכט פון פוהרמאַן פּיאָטר.

—פאַר אייך, מאַדאַם. היינט איז פאַרהאַן אַ סך.

אַ לאַנגע ווײַלע גראַבעלט ער און זוכט אונטער דער

פֿאָלֶע פֿון זײַן פֿעלין, אַס עֶנדע דעֶרלאַנגט עֶר מיר אַ היבשעֶן פּאַק.

„רוסקייאַ וויעֶדאָמאָסטי", „ניוואַ", „פּראַקט. וורא‎טש" — בלויז אַלטע בעֶקאַנטע דרוק־זאַכעֶן. צוויי אָפּיציעֶלע בריעף, נאָר אָט איז... און מײַן האַרץ האָט אַ ציטעֶר געֶטהון פֿון פֿרייד: אַ בריעף מיט דעֶם בעֶקאַנטעֶן, קליינינקעֶן און גלײַכעֶן אויפֿשריפֿט אויפ׳ן קאָנוועֶרט. דאָס איז פֿון נאַדיאַ׳ן, איינע פֿון די נישט פֿיעֶלע, וואָס דורך איהר פֿעֶרמיטלונג האַלט איך נאָך אונטעֶר האָטש וועֶלכעֶן עֶס איז צוזאַמעֶנבונד מיט דעֶר וועֶלט. מיט דעֶר ווײַטעֶר אונד פֿרעֶמדעֶר וועֶלט. שוין צעֶהן יאָהר, אַז מיר האָבעֶן זיך נישט געֶזעֶהן, וואָס רעֶד איך,—נאָך מעֶהר, און פּונדעֶסטוועֶגעֶן קאָרעֶספּאָנדירעֶן מיר נאָך צווישעֶן זיך.

מיט׳ן גרעֶסטעֶן אונגעֶדולד האָב איך צעֶריסעֶן דעֶם קאָנוועֶרט און איך לייעֶן. איך לויף אַדורך מיט די אויגעֶן איין שורה נאָך דעֶר אַנדעֶרעֶר, פֿון וועֶלכע עֶס האָט זיך געֶפֿיהלט לעֶבעֶן, אמת׳דיג לעֶבעֶן און פֿול מיט עֶנעֶרגיע.

„טײַעֶרע אַניוטאַ! אויב דו וועֶסט אויך דאָס מאָל נישט „פֿאָלגעֶן מײַן עצה און וועֶסט זיך נישט בעֶנוצעֶן מיט „דעֶר וואונדעֶרבאַרעֶר געֶלעֶגעֶנהייט אַרויסצורײַסעֶן זיך פֿון „דעֶר פֿעֶרשאָלטעֶנעֶר וויסטע, וועֶלכע פֿעֶרקירצט דיר די „יאָהרעֶן און ברעֶנגט דיך פּראָסט צום פֿעֶרלירעֶן אַלע „פֿעֶהיגקײַטעֶן פֿון געֶדאַנקעֶן, זאָלסטו וויסעֶן, אַז דאָס איז „מײַן לעֶצטע פּראָבע דיר צו העֶלפֿעֶן, און אַז שפּעֶטעֶר „וועֶל איך אַ מאַך געֶבעֶן מיט דעֶר האַנד אויף אַלין און אויך „אויף דיר.

„די גאַנצע זאַך בעֶשטעֶהט אין דעֶם. עֶרשטעֶנס גראַטו„ליר מיר און בעֶנײַדע מיך: מײַן גראָבעֶר פּ ר י ט י ק האָט „עֶנדליך בעֶוויעֶזעֶן זײַן דײַטשע ניט־ריהרעֶוודיגקײַט און איז „אַרויס פֿון זײַן הראָנישעֶר אַפּאַטיע און גלײַכגילטיגקײַט. „אין קורצעֶן גערעֶדט—איך האָב חתונה. פֿעֶרשטעֶהסט זיך, „אַז איך וועֶל זײַן געֶנויט צו פֿעֶרוואַרפֿעֶן מײַן אַנשטאַלט „פֿאַר קינפֿעֶטאָרינס—דיר איז גוט בעֶוואוסט פּ ר י ט י ק ס מיי„נונג וועֶגעֶן דעֶם. האָטש איך בעֶדויעֶר דאָס נישט. איך „פֿיהל זיך פֿעֶרמאַטעֶרט; דעֶם אמת זאָגעֶנדיג, האָב איך האָס „עֶס איז אָבגעֶשפּאָרט — און נישט וועֶניג, פֿאַר מיר וועֶט

„עָס קלֶעקְן. אַלזא, װען עס זאָל דאָרט זײַן בײַ דיר — „כ׳וױים אַלײן נישט װאָס, בעדאַרפסט דו און מוזט אָפּקױפֿען „מײַן אַנשטאַלט. איך װײס, אַז דו האָסט דאָרט אַבִּיסעל מזומנים. דו האָסט נישט ליעב אױסצובּרענגען קײן געלד, „און די בּאָבּע האָט דיר איבּערגעלאָזט אַבּיסעל. איך װעל „בײַ דיר נעהמען גאַנץ װעניג און נישט מיט אַמאָל. אמת, „מײַן געשעפט איז נישט איבּעריג גרױס, דערפֿאַר אָבּער איז „עס אַ גוט געשעפטעל און אַ רײנינקעס. צװײ צימערן „פֿערדינג איך קינפּעטאָרינס, צו דרײַ אין יעדען אײנציגען, „און זײ שטעהען קײנמאָל נישט לעדיג; די אַנדערע צװײ „צימערן בּעדאַרף איך אױף אַנדערע צװעקען. די קינפּעטאָ- „רינס װעסטו מעגען אײנפֿאַך ענטזאַגען אױפצונעהמען, „פֿון זײ װעסטו קײן גרױסע גליקען נישט מאַכען. אױבּ דו „װעסט נישט זײַן קײן נאַר, װעסטו טראָץ דעם שטענדיג „האָבּען געלד. צו שרײַבּען װעגען דעם איז נישט װעהר „אַנגענעהם, נאָר דו בּיזט דאָך אָבּער קײן קינד נישט. „אין דער צוקונפֿט װעסטו דאָס געשעפט פֿערגרעסערען איך „װעל דיר איבּערגעבּען אַלע געהײמניסען פֿונ׳ם גאַנג פֿון „געשעפט, איך װעל דיר בּעקאַנען מיט װעמען מען בּע- „דאַרף און מיט׳ן דאָקטאָר. אַזױ טהוען אַלע.

„איך װעל נאָך זײַן אין פעטערבּורג אַנדערהאַלבּען „חדשים אָדער צװײ. ענטפֿער בּאַלד און, נישט אָבּלענגענדיג, „קלױבּ זיך אַרױס אין װעג.

„דײַן נאַדיעזשדאַ שטראַלמאַן“.

איך האָבּ איבּערגעלײענט דעם בּריעף און זיך טיעף פֿער- טראַכט פּלאַנען, הונדערטער מאָל אַרומגעקלערטע, רעכנונ- גען, אונצאָהליגע מאָל אױסגערעכענטע און אַלץ נישט קײן בּעשטעטיגטע, האָבּען אױפ׳ס נײַ אױפגעלעבּט און זענען דורכ- געלאָפֿען דורך מײַן מח. צי זאָל איך איבּערבּלײַבּען דאָ און צום רעשט פֿערנאַכלעסיגט װערען, אָדער מאַכען אײנמאָל פֿאַר אַלעמאָל אַ העלדישען שריט, אָפּטרײסלען זיך פֿון דעם לאַנג- יעהריגען שימעל און בּעשליסען אױף אַ פֿרײַ, אונבּאַהענגיג און פֿערזיכערט לעבּען. אָבּער װאָס װעט דאָרט זײַן?.. און װאָס װעט זײַן, אױבּ עס װעט מיר נישט גליקען? און װאָס אױבּ נאָך ערגער? איך האָבּ גוט פֿערשטאַנען, װאָס עס האָבּען בּעדײַט

די נישט־אַרויסגעזאָגטע ווערטער פון נאַדיאַ'ן, די אונטערגע־שטריכענע ווערטער איהרע. פאַר מיר איז קיין סוד נישט געווען, מיט וואָס עס פערנעהמען זיך די איינגענטימערינס פון די אַנשטאַלטען פאַר קינפּעטאָרינס און וואָס עס ווערט אָבגעטהון אין זיי; איך האָב געוואוסט, אַז אויך שטראַלמאַן האָט נישט אויף אַ גאַנץ ריינעם אופן געמאַכט אַ פערמעגען. איך קאָן נישט זאָגען, אַז איך האָב דאָס אַלץ פעראורטיילט, אָדער מיין געוויסען זאָל האָבען פּראָטעסטירט געגען די מעשים; ניין, נאָר איך האָב געפיהלט, אַז עפּעס שטויסט מיך אָב פון דער „קינדער־מאָרד־פּראָפעסיע", ווי אַ געוויסער מיינער אַ בעקאַנטער סטודענט האָט אַמאָל אָנגערופען די אַקושערקעס, וועלכע פערנעהמען זיך מיט דער פּראַקטיק פון אַבאָרטען *); אַזאַ מין לעבען, דאָס שטענדיגע שוועבען צווישען סקאַנדאַל און קרימינעלען געריכט האָט זיך מיר אויסגעוויזען שרעקליך און מורא'דיג. אָבער צי דען איז דאָס אַ נויטווענדיגער בעדינג? צי דען איז אין אמת'ן נישט פאַראַן קיין מעגליכקייט צו לעבען אָרענטליך, פערנעהמענדיג זיך בלויז מיט עהרליכע אַקושערען־פּראַקטיק? צי דען פיהלט ניט די גאַנצע געזעלשאַפט אַ מאַנגעל אין וואָהלפעלע נאָר אָרענטליכע פריוואַטען פאַר קינפּעטאָרינס? ליינען מיר דען נישט אין די צייטונגען, אַז צעהנדליגער פרויען אין פּעטערבורג געבערען טאָג־טעגליך כמעט אויף די גאַס צוליעב דעם, ווייל זיי געפינען נישט קיין אָרט אין די איבערגעפּולטע אַנשטאַלטען פאַר קינפּעטאָרינס? און אויב אַזוי, טאָ פאַר וואָס האָב איך דאָ מורא צו האָבען, וועגען וואָס זיך בעאונרוהיגען? אמת, שטראַלמאַנ'ס אַנשטאַלט האָט שוין אַביסעל נישט זעהר קיין ריינעם נאָמען, איך וועל אבער ענדערן די פירמאַ, אויף אַ געוויסע צייט וועל איך אויפהערען צו אַנאָנסירען אין די צייטונגען, איך וועל פערגרעסערען די אַנשטאַלט שטרענג נאָר פאַר קינפּעטאָרינס, איך וועל איינלאַדען נייע דאָקטוירים....

און וואָס מעהר איך האָב געטראַכט, אַלץ מעהר איז געוואַקסען אין מיר די איבערצייגונג און די זיכערהייט אין זיך, און איך האָב שוין געוואָלט ווי אַמשנעלסטען זיך אַרויסרייסען

---

*) פריה־צייטיגע געבורט. מפיל זיין.

פון דער פּערוואָרפענער וויסטע און זיך אַרייַנבעקומען אין דעם בעצוויבערענדען, צוציהענדען און רעטזעלהאַפטען פּעטערבורג.
און — איך האָב זיך בעשלאָסען...

---

27 נאָוועמבער.

היינט איז אַ טאָג פון ערשטוינונגען: די ידיעה וועגען דעם, אַז איך פערלאָז דעם דיענסט אין דער זעמסטוואָ און איך עפען אין פּעטערבורג אַנ׳אייגענע אַנשטאַלט פאַר קינפּעטאָרינס, האָט יעדען פערוואונדערט און ערשטוינט. נאָר דער דאָקטאָר — דער לעכערליכסטער פון אַלע איז געווען דער דאָקטאָר. ער איז נאָר וואָס היינט אין דערפריה צוריקגעקעהרט פון שטאָדט און האָט זיך נאָך נישט אינגאַנצען אויסגעניסטערט נאָך די הוליאַנקעס אין קלוב, און פלוצים, דורכאויס אונערוואַרטעט, דערהערט ער מיין ערקלערונג, אַז די טעג געה איך אַוועק.

אַ גאַנצען טאָג האָט ער עפּעס געמרוקעט אונטער דער נאָז, און צו יעדער פויערין, וועלכע איז געקומען אויף אַ אויפ־נאַהם און נישט געוואוסט פון גאָר נישט צו זאָגען, האָט ער זיך געווענדעט מיט דער פראַגע:

— ניין... האָט איהר געזעהן, וואָס אונזערע, אָט די איז פאַר איינע, אַ?...אַנ׳אייגענעם פריוט עפענט זי — אָט דאָס איז אַ שפּיעל!....

דאַכט זיך, אַז דערהויפּט זענען אַלע געווען פּעראינטרי־גירט דערמיט, פון וואַנען האָב איך עס געקאָנט בעקומען געלד? עס זענען וועגען דעם בעשאַפען געוואָרען טויזענדער מיינונגען און השערות, צווישען וועלכע עס האָבען נישט געפעלט אפילו קיין ראָמאַנטישע אויך. אַ געלעכטער, כ׳לעבען. מעהר פון אַלע האָט צרות פון מיין אָבפאָהרען דעם גלה׳ס ווייב. זי קאָן זיך אַלץ נישט דערוואַרטען אויף דער קינפּעט. יאָ, מיט איהר וועט זיין שלעכט, און זי איז מיר זעהר אַ שאָד. זי האָט נעכ־טען נעביך געוויינט און מיך געבעטען, אַז איך זאָל האָטש איבערוואַרטען ביז מיט איהר וועט זיך אַליין ענדיגען. איך האָב איהר צוגעזאָגט, עס וועט מיר אָבער וואַהרשיינליך

לאַנג ניִשט אויסקומען צו וואַרטען...

מאָרגען גאַנץ פריה פאָהר איך אין שטאָדט אַרײַן און דעם זעלבען טאָג וועל איך צוריקקומען אַהער. איך וועל אָנגעבען אַ ביטע וועגען דימיסיע. איך האָב מורא, אַז מען זאָל זי מיר ניִשט אויפהאַלטען.

———————

29 נאָוועמבער.

אַ פּײַניגענדע, שרעקליכע נאַכט.

איך בין צוריקגעקומען שוין שפּעט אין אָבענד פון שטאָדט, און פאַר דער טהיר פון מײַן וואָהנונג האָט שוין גע־וואַרט די בעקאַנטע קיביטקע. בײַ׳ם גלה׳ס וואָהנונג האָט זיך אָנגעהױבען די ענטבינדונג. ניִשט איבערקלײַדענדיג זיך, ניִשט אַראָבנעהמענדיג אַפילו דעם פעלץ פון זיך, האָב איך שנעל געהאַפּט דעם טשעמאָדאַן מיט די אינסטרומענטען און שנעל צוגעפאָהרען אויפ׳ן אָרט. דער דאָקטאָר איז שוין לאַנג דאָרט געווען, אַ פערמאַטעדטער איז ער אַרומגעלאָפען, מיט פער־קאַטשעטע אַרבעל און זיך געבעזערט, וואס איך בין ניִשטאָ.

די ענטבינדונג האָט זיך שוין לאַנג אָנגעהױבען, מעהר ווי פאַר 5 שעה, עס געהט־צו שלעכט, מען בעדאַרף ער־וואַרטען גאָר ערנסטע רעזולטאַטען. עס וועט ניִשט אַדורכ־געהן אָהן אַן׳אָפּעראַציע.

דער פּאָפּ, אַ פער׳הושב׳טער, מיט טיעף־אײַנגעפאַלענע אויגען און אַ צושויבערטען קאָפּ, געהט אַרום ווי אַ משוגע׳נער און וואָרטשעט עפּעס.. די דערשראָקענע קינדער האָבען זיך צונויפגעטוליעט אין אַ ווינקעלע און וויינען אפילו ניִשט — זיי האָבען נעביך מורא.

איך בין אַרײַן אין שלאָף־צימער.

אַנ׳אַלט, גוט בעקאַנט, געוועהנליך בילד: צעוואָרפענע בעט־צײַג, אויף דער פאָדלאָגע אָנגעגאָסען וואַסער, שיסלען מיט רפואות.

אויפ׳ן בעט ליעגט דעם גלה׳ס ווײַב און שרײַט מיט אַ ווילדע, משוגענע, אונמענשליכע שטימע. איהר אויסגעדאַרט

געזיכט איז געוואָרען גענצליך אַ קליינינקע, די פערטריקענטע אויסגעקנייטשטע ברוסטען האָבען זיך אַרויסגעבויגען פון אונטער'ן העמד, די האָר זענען אויסגעווייקט און צוזאַמען גע־קלעבט פון שוויים. און די געשרייען....אָהן האָפנונג אויף ערלייכטערונג, אָהן ערוואַרטונג אַנ'ענדע און וועלכע עס איז הילף—וואַרפט זי זיך און שרייט. דרעהענדיג זיך און וויק־לענדיג זיך ווי אין אַ קאָנוואולסיע, האַפּט זי אָן דאָס לייַלעך און קנייטשט עס. דאָ רופט זי דעם מאַן, דאָ טרייבט זי איהם אַרויס. און ער געהט אַרויס אונטערטעניג, אַ נישט דרייסטער און אַ דערשראָקענער, ווי אַ פערשולדיגטער. און דאָס געשריי איז געוואָרען אַלע מאָל שרעקליכער, אַלעמאָל מעהר דורכ־דרינגענדער.

אַזוי האָט געדויערט ביז 10 אַ זייגער. מען האָט שוין יעצט אַרויסגעזעהן אויף זיכער, אַז דאָס געבורט וועט זיך גליקליך נישט ענדיגען.

אַרום 10 אַ זייגער ביינאַכט האָט די פּאָפּיכע, וועלכע האָט זיך אַ געוויסע צייט אַביסעל בערוהיגט, אָנגעהויבען אויפ'ס ניי זיך צו בעאונרוהיגען און פּלוצליגג האָט אַ בעטויבענדער, אונגעוועהנליכער קוויטש, ווי פון אַ שטאַרקען, דורכדריגענדען וועהטאָג, פערהילכט דאָס גאַנצע צימער. מיר זענען שנעל צוגעלאָפען צו דער קראַנקער, נאָר זי איז באַלד ענטשוויגען געוואָרען גלייך ווי זי האָלט זיך בערוהיגט. פּלוצלינג אָבער האָט איהר פּנים שנעל אָנגעהויבען שרעקליך בלייך ווערען, דאָס קלאַפּען פונ'ם דופק האָט זיך פערשאַרקט, עס האָבען אָנגעהויבען אָבקיהלען די אויערען, די נאָז און די גליעדער־עקען.

די קראַנקע האָט מיט אַ זעהר שטילער, אָבשטאַרבענ־דער שטימע זיך אָנגעהויבען קלאָגען אויף קאָפּ־דרעהעניש און קלינגען אין די אויערן.

דאָס בלוט האָט אָנגעהויבען פליסען מיט אַמאָל און אַ סך.

עס איז קיין ספק נישט געווען, אַז די געבערמוטער האָט געפּלאַצט.

דער טויט איז שוין געוויס גענצליך זיכער פאַר'ן קינד און געוועהנליך—אויך פאַר דער מוטער.

מען האָט שנעל צוגעטרעטען צו דער אָפּעראַציע, כדי אויף וואָס פאַר אַנ'אופן עס איז אַנ'ענדע צו מאַכען צו דעם געבורט.

מען האָט פערלעגט די צוואַנגען און מען האָט אַרויס־געשלעפּט דאָס קינד א ברוין־און־בלויעס און אַ טויטעס. דער בלוט־גוס האָט אַלץ נישט אויפגעהערט.

מען האָט פערלעגט אין דער געבערמוטער טאַמפּאָנען פון סטעריליזירטער וואַטע.

די קינפּעטאָרין איז מיט יעדע מינוט שוואַכער געוואָרען. מען האָט זי געלעגט אויף די פּלייצעס, מען האָט איהר איינגעגעבען קאַפּע און ווײַן, אום צו שטאַרקען די טעטיג־קייט פונ'ם האַרצען, צו'ם קאָפּ האָט מען צוגעלעגט הייסע קאָמפּרעסען. אומזיסט, עס האָט גאָר נישט געהאָלפען.

. . . . . . . . . .

. . . . . . . . . .

. . . . . . . . . .

די פּאָפּיכע איז געלעגען שוין א טויטע. אינגאַנצען בלייך, מיט אויסגעקרימטע ליפּען און אונטערגעשלאָגענע אוי־גען, מיט אויסגעצויגענע אין פערבלוטיגטע פיס.

ביי דער שוועל, אויף דער פּאָדלאָגע, ליעגט דער פּאָפּ, קלאַפּט סיסטעמאַטיש, פער'עקשנ'ט און פאַמעליך דעם קאָפּ אָן דער פוטרינע פון דער טהיר און וויינט מיט אַ האוני־דערליך דין קול. איך בין צוגעגאַנגען און געבליבען שטעהן שווייגענדיג, נישט־האָבענדיג קיין שום טרייסט־ווערטער איהם צו זאָגען. וואו איז דען פאַרהאַן אַזא קראַפט, וואָס זאָל אימשטאַנד זיין אַוועקצורייסען האַטש אַ טוויעגדסטעל טייל פון זיין אונענדליכער פערצווייפלונג? וואו איז דען פאַרהאַן אַזאַ וואָרט, וואָס די אַרויסרעדונג דערפון אין דער יעצטיגער מינוט זאָל נישט זיין אַ הלול־הקודש?

עס איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט, ווען איך האָב צוריקגעקעהרט אַהיים. דאָס גאַנצע דאָרף איז שוין געשלאָפען מיט אַ טויטען, גענצליך רוהיגען שלאָף און אויף אַ וויאָרסט ווייט האָט מען געהערט דאָס בילען פון די הינד און דאָס קרייהען פון די הענער.

איך האָב נישט געקאָנט איינשלאָפען, דער דיניקער

ציטערנדער געוויין פון פאפ האט מיר געקלונגען אין די אויערען און עס האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז איך הער, ווי ער קלאפט דעם קאפ אן דער פוטרינע פון דער טהיר.

איך בין אויפגעשטאנען, האב אנגעצונדען די לאמפ און אנגעהויבען שרייבען.

גאט מיינער! שוין מעהר פון 10 יאהר בין איך אנ׳ אקושערקע, דורך מיינע הענד זענען שוין דורכגעגאנגען מעהר ווי טויזענד קינפעטארינס, יונגע און אלטע, לייכט און שווער־געבוירענעדע, צעהנדליגער זענען שוין געשטארבען אויף מיינע הענד, — און פונדעסטוועגען קאן איך זיך אלץ נישט צוגע־וועהנען צו די דאזיגע שרעקליכע, שוידערהאפטע סצענעס.

און צו וואס, אין נאמען פון וואס זענען די אלע אונ־צוועקמעסיגע, אונזיניגע פיינונגען, די אונמענשליכע ליידען? צוליעב וואס זאל זיך דעם מענשליכען שענעם און פאעטישען לעבען ענטגעגענשטעלען די דאזיגע טרויעריגע קינפעט? און גאט, דער אונשטערבליכער און גרויסער בעשעפער, פארוואס האט ער אזעלכע יסורים בעשטימט פאר זיין בעסטען בע־שעפעניש?...

ווען איך זעה, אז פון די קינפעט־יסורים ליידט א יונגע, שענע, קראפט־פאלע און ענערגישע פרוי, איז די דאזיגע מאוס׳ע טראגעדיע נאך נישט אזוי עקעלהאפט אין מיינע אויגען: ערשט צוריק מיט איינינע מאנאטען—דעמאלט וואונ־דערבאר גליקליכע — האט זיך איהר קערפער פונקט אזוי גע־וואָרפען פון דער היץ פון איהרע ליידענשאפטען, ווי ער ווארפט זיך יעצט פון וועהטאג; און אויב עפעס ווער, אנ׳אונבע־קאנטער און אגעהיימניספאלער שיקזאל נויטיגט זיך אין דעם וועהטאג, האט זי, אמוהעניגסטענס, פאר וואס צו בעצאהלען. אבער די אלטע, אויסגעמאטערטע, שוין צו׳ם צעהנטען מאל געבוירענדע פרויען, פון זיי, פון דיזע בעטלערינס פונ׳ם גליק, פארוואס נעהמט פון זיי דער שיקזאל אזא טייערן געצאהלט? צי פאר זייערע אונפארביגע, אויסגעמאטערטע פער־געניגענס־מינוטען מ׳שטיינסגעזאגט? פאר די לאנגווייליגע און גלייכגילטיגע קושען, צווישען שמועס וועגען יקרות פון פלייש און וועגען דער הויזדיענערשאפט.

ארעמע פרויען — ארעמע פאפיכע!

און דיזער טויט־צופאַל — די לעצטע געשעהעניש אויף מײַן ביזהעריגען וועג. אָ, נישט קיין גוטער סימן!...

———————

די זאַכען זענען שוין צונויפגעלעגט, אַלץ פּערפאַקט: נאָך צוויי שעה האָב איך דאָ צו וואַרטען און דערנאָך פאָהר איך אָב. אַדיע, מײַן לאַנגסטיג לעבען, מײַן אָרעם לעבען, אין וועלכען איך האָב אַזוי ווייניג גליק און פרייד געהאַט פון מײַן אונפאַרביגער און אומזיסט פערפאַלענער יוגענד!

נאָר טראָץ דעם אַלעם האָט עטוואָס עהנליכעם צו בעדויער, צו בענקשאַפט אַציטערגעטהון אין מײַן האַרצען: איך בין שוין צוגעוועהנט געוואָרען אין פערלויף פון אַכט יאָהר צו דיזע פענסטער, צו דיזע נישט־טאַפּעצירטע וואַנד, צו דעם אָרעמען טישעל, בײַ וועלכען איך פלעג אַזוי אָפט שרײַבען מײַן טאָג־ביכעל. אַזוי, געוועהנליך, געוועהנט מען זיך צו אויך צו דער טורמע און צו די קעטען.

איך האָב זיך היינט געזעגענט מיט אַלעמען. אַלע האָבען געהאַט זעהר טרויעריגע פּנים׳ער. זעהער ערנסט איז אויך געווען דער דאָקטאָר און די אויגען האָבען איהם אויפגעבלישטשעט מיט אַ לאַנגסטיג, שוין פערגעסען פײַער׳ל, ווען ער האָט מיר געזאָגט די לעצטע ווערטער ווײַנע:

— נו, און מיר וועלען דאָ ווײַטער פוילען...מיר וועלען אַזוי ביסלעכווייז פערפוילט ווערען...

מען האָט איהם אַוועקגערופען צו אַ קראַנקען און ער וועט נישט קאָנען זײַן בײַ מײַן אָבפאָהרען. בעת דער אויפנאַהמע האָבען אַ טייל פּויערטעס געוויינט, — דאָס ערשטע מאָל האָב איך דערפיהלט, אַז איך בין אויך פונדעסטוועגען געווען דאָ נוצליך.

עס איז געקומען דאַריאַ — איך האָב בײַ איהר אָבגענומען פינף מאָל אין משך פון די 8 יאָהר, און יעצט איז זי אויפ׳ס נײַ שוואַנגער. זי האָט זעהר בעדויערט מײַן אָבפאָהרען און האָט געיאָמערט:

— טײַערע מאַדאַם מײַנע!.. וואָלט מיר האָטש גאָט געוועזען געהאָלפען זיך ענטבינדען פאַר דיר, — וואָס וועל איך יעצט טהון אָהן דיר, מײַן איינציגע! אַנטאָניכע וועט דאָך מיך דערמוטשען, אַך... איך פיהל, אַז זי וועט מיך דערמו־

טשען!...

אַנטאָנ ּיכ ע — דאָס איז אונזער אַלטע דאָרפֿס־הייבען, וועלכע קאָן מיך נישט פֿערטראָגען. איך געדענק, ווי צוריק מיט 8 יאָהר האָבען די דאָזיגע אַלע פרויען, און צווישען זיי אויך דאַריאַ, געקוקט אויף מיר קרום, און וואָס פֿאַר אַ נישט־געשטויגענע, נישט־געפֿלויגענע זאַכען האָט אַלץ די זעלבע אַנטאָניכע נישט אָנגעפֿלוידערט אויף מיר. אײנמאָל האָט מען מיך אײנפֿאַך אַרויסגעשטופּט פֿון שטוב און מען האָט מיך שיער נישט אויסגעקלאַפּט אויך, און יעצט, קוקט— חיינען זיי!

יאָ, אַביסעלע ליכט האָב איך אויך אַרײַנגעבראַכט צווי־שען דיזע פֿינסטערע מאַסען, און ווער עס וועט דאָ זײַן נאָך מיר, וועט געוויס דערמאָנען מײַן נאָמען מיט אַ גוט וואָרט.

נו, די פֿערד זענען שוין פֿערפֿאָהרען — אַדיע, מײַן לאַנגסטיג, אַלט לעבען!...

———————

3־טען דעצעמבער.

טראַם־טאַ־טאַ־טאַם...טראַם־טאַ־טאַ־טאַם...

דער צוג לויפֿט אַלץ ווײַטער און ווײַטער און דאָס גלײַכע קלאַפּען פֿון די רעדער גיבען־אונטער געדאַנקען און פֿאַנ־טאַזיעס, אַזעלכע פּראָסטע, אַזעלכע גוטע.

ווי אין אַ קאַלײַדאָסקאָפּ איז פֿאָרבײַגעפֿלויגען פֿאַר מײַנע אויגען אונזער קלײנינקע שמוציגע סטאַציע, דאָס גיכע געזעגנען פֿון מײַנע בעגלײטער, דער הויכער הוט פֿון איוואַן איוואַנאָוויטש, מיט וועלכען ער האָט געמאַכט אין דער לופֿט אַזוי לאַנג, ביז דער צוג איז אינגאַנצען פֿערשוואונדען פֿון זײַנע אויגען.

אָריאָל, טולאַ, מאָסקווא מיט איהר גערויש, וועל־כער איז מיר אַמאָל אַזוי גוט בעקאַנט געוועזען; דער קורסקער וואָקזאַל — נאָך מעהר שמוציגער, ווי פֿריהער, און נאָך מעהר פֿול מיט לעבען און בעוועגונג.

קלין, טווער, לובאַן...

אָט באַלד איז פּעטערבורג, דאָס רעטזעלהאַפֿטע, גע־

הײמניספּאָלע, װײַטע און צערטליך־צוציהענדע פּעטערבורג.

װאָס ערוואַרטעט מיך דאָרט, אין דעם נײַעם בבל, אין דעם לעבעדיגען, עביג־רוישענדען און זידיגען קעסעל?

אין אַ שעה אַרום וועל איך דאָרט זײַן. שטראַלמאַן האָט געוויס מיר ענטקעגען קומען צו׳ם וואָקזאַל, ווײַל איך האָב איהר טעלעגראַפיש בעשטימט די שעה פון מײַן אָנקומען.

———————

29־טען דעצעמבער.

כמעט אַ גאַנצען חודש האָב איך ניט גענומען אין דער האַנד אַרײַן מײַן טאָג־בוך.

די נײַע אײַנדריקען האָבען אויף מיר געווירקט מיט אַזאַ געוואַלדיגער קראַפט, אַז איך בין די גאַנצע צײַט אַרום־געגאַנגען ווי שכור.

פונדעסטוועגען וועל איך זיך בעמיהען צו דערמאָנען זיך אַלץ כסדר.

שטראַלמאַן האָט מיך אָבגעוואַרט אויפ׳ן וואָקזאַל.

מיר האָבען כמעט ניט דערקענט אײנע די אַנדערע, אַזוי האָבען מיר זיך בײדע געענדערט פאַר די גאַנצע צײַט פון אונזער אַבשיעד.

שטראַלמאַן האָט איבערגעלאָזט אוהר דיענסט, אַז זי זאָל אָבנעהמען מײַן באַגאַזש, און מיר זענען גלײַך צוגע־פאָהרען אין איהר וואָהנונג. דער דראָשקאַרזש האָט אונז דורכגעפיהרט דורך זעהר פיעל גאַסען און אין אַ 20 מינוט אַרום האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט פאַר אַ ריזיגען הויז, פאַר׳ן טויער פון וועלכען עס האָט זיך אַרויסגעזעהן צווישען אַנדערע אַ גרויסע שילד:

— )( .. — )( .. — )( .. — )( .. — )( .. —

אַקושערקע־פעלדשערין

גיט עצות

נעהמט אָן קינפּעטאָרינס. טעגליך פון 1—5

עצות פון אַ דאָקטאָר.

— )( .. — )( .. — )( .. — )( .. — )( .. —

מיר זענען אַרויסגעגאַנגען אויף די שטיגען; שטראַלמאַנ׳ס אַנשטאַלט איז געווען אויפ׳ן דריטען שטאָק.

— אָבער, — האָב איך בעמערקט, — פאַר שוואַנגערע פרויען איז דאָס נישט קיין איבעריג לייכטע זאַך צוצוקומען צו אייך.

— נו, — האָט שטראַלמאַן געענטפערט מיט אַ מאָדנע שמייכעל, — מיינע שוואַנגערע קאָנען אַרויפגעהן אפילו אויפ׳ן זעקסטען שטאָק.

מיר האָבען אָנגעקלונגען און מען האָט אונז באַלד געעפענט; קענטיג, אַז מען האָט אונז דאָרט ערוואַרטעט.

מיר וועלען יעצט איבערגעהן גלייך אין מיינע אַפּאַרטאַמענטען, דו וועסט זיך דאָרט איבערטהון, זיך אַביסעל דערפרישען, מיר וועלען טרינקען אַ גלעזעל קאַפע און דערנאָך וועל איך דיר אַלץ ווייזען מיט אַלע אייַנצעלהייטען.

ווען איך בין אין אַ פערטעל שעה אַרום אַרייַנגעקומען אין קליינעם, נאָר בעקוועמען און זעהר גוט אייַנגעאָרדענטען עסצימער, האָב איך דאָרטען געטראָפען אויסער מיין פרייַנדין שטראַלמאַן, וועלכע האָט זיך פערנומען מיט אָנגיסען קאַפע, — איינעם אַנ׳אונבעקאַנטען מאַנספערזאָן פון אַ יאָהר 40, אַ ליסער מיט שיטערע און קליינינקע וואָנסעלעך, וועלכער האָט שווייגענדיג און מיט זיין גאַנצער אויפמערקזאַמקייט דורכגעקוקט דעם אַנאָנסען־טייל אין „נאָוואָיע ווערעמיאַ".

— דאָקטאָר ווראָבלעוויטש, מיין פרייַנד און שטענדיגער מיטהעלפער, — פרוי סמירנאָוואַ, די נייַע אייַגענטימערין פון דיעזער אַנשטאַלט — האָט שטראַלמאַן אונז געגענזייטיג פאָרגעשטעלט.

דאָס געזיכט פון דאָקטאָר האָט אָנגענומען אַ זעהר ליעבליכען און שמייכעלדיגען אויסדריק, ווי איינער וואָס בעמיהט זיך געפעלען צו ווערען, שטאַרק, נאָר מיט ווירדע און שעצונג האָט ער געדריקט מיין האַנד און מיט אַ געאַיילינגער האָפליכקייט האָט ער מיר צוגערוקט אַ שטוהל.

— איך האָף, מאַדאַם סמירנאָוואַ, אַז אויך מיט אייך וועל איך בלייבען אויף דער זעלבער שטופע פון פרייַנדליכקייט, ווי מיט דער מאַדאַם שטראַלמאַן. איך פערהאָף, אַז איך וועל קאָנען זיין נוצליך אויך פאַר אייך.

די איבּערגעהאַפּטע העפליכקייט פונ'ם דאָקטאָר, זיין גרייטקייט מיך צו דינען, האָבּען אויף מיר בּאַלד געמאַכט זעהר אַ שלעכטען איינדרוק. איך האָבּ איהם אָבּגעענטפערט עפּעס אונבּעשטימטעס און האָבּ זיך אַנידערגעזעצט נעבּען מיין גלאָז קאַפּע.

— נו, טייערע פריינדין, פון היינט אָן בּאַלד וועל איך, צוזאַמען מיט'ן דאָקטאָר, אָנהויבּען דיך געניט צו מאַכען אינ'ם גאַנצען גאַנג פון אונזער געשעפט. צו דיין גליק האָבּען מיר גראָד יעצט פאַר די ימים־טובים אַבּיסעל אַ רוהיגערע צייט, דיר וועט אַלזאָ לייכטער זיין זיך בּעקאַנען מיט'ן געשעפט. אין אַלגעמיין קאָן מען פאַרשטעלען דעם צושטאַנד פונ'ם געשעפט אויף פאָלגענדען אופן: קינפּעטאָרינס האָבּ איך אין היינטיגען טאָג בּסך־הכל דריי, און איינע פון זיי פערנעהמט אַ בּעזונדערען צימער; זי איז וואַהרשיינליך פון אַ רייכער פאַמיליע, און נאָך גאָר יונג. עס איז מיר געראָטען אַרויסצובּעקומען פון איהר 75 רובּל, — נאָך גאָר אַ נאַרעלע נעבּיך. געוועהנליך נעהם איך פאַר אַ בּעזונדער צימער 30 רובּל — מיט מיין וועש און אַלעס איבּריגעס. אַ בּעט אין אַלגעמיינעם צימער קאָסט 20 רובּל. עס פערשטעהט זיך, אַז דער פּרייז איז נישט קיין בּעשטענדיגער, נישט איינמאָל געלינגט צו נעהמען מעהר. אויסער דעם, איז פאַרהאַן געוויס פּראַקטיק פון צופעליגע פּאַציענטקעס — דורכשניטליך בּיז 15 פּערזאָן אַ טאָג. מען גיט פון איין רובּל בּיז דריי און אַמאָל אויך מעהר, זאָגאַר בּעדייטענד מעהר. אַ טייל פּאַציענטקעס נעהם איך אַליין אויף, און אַטייל שיק איך אָבּ צו ה' י נ ר י ך ו ו ל אַ ד י־ מ י ר א ָ ו ו י ט ש'ע ן (בּיי די ווערטער האָט דער דאָקטאָר אַ נייג געטהון זיין ליסע קאָפּ), אַזאַ אָבּמאַך איז שוין צווישען אונז, און איך האָף, אַז אויך דו וועסט קיין ענדערונג נישט מאַכען אין דער הינזיכט. ער וואָהנט ענטגעגענאיבּער אויף דער זעלבּער גאַס. דערפאַר שטעלט ער אויך פון זיין זייט מיר צו פּאַציענטקעס. דער איינקינפט פון דיעזע אויפנאַהמען איז אַ גרויסער, אָבּער צוזאַמען דערמיט אויך אַ שווערער, און אַממייסטענס פאַלען דאַרף מען, אויסער דעם, אָבּשיקען צו אַ דאָקטאָר. די איבּריגע צוויי צימערן מיינע זענען פערנומען דורך אַנדערע קראַנקע. איך רעכען פאַר מיין פליכט צו זיין

גאַנצליך אָפּעֶנהעֶרציג געֶגעֶן דיר, בפרט, אַז מיר זעֶנעֶן דאָ אַלעֶ בלויז היימישעֶ און איך האָב נישט וואָס צו פעֶרדעֶקעֶן (דעֶר ליסעֶר קאָפּ. פון ווראָבלעֶוויטש'ן האָט זיך נאָך אַמאָל פעֶרנייגט). די צימעֶרן פעֶרנעֶהמעֶן קראַנקעֶ, אָדעֶר — בעֶסעֶר געֶזאָגט — דורכאויס געֶזונדעֶ פּאַציעֶנטקעֶס, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן דורכגעֶגאַנגעֶן די אָפּעֶראַציעֶ פון געֶקינסטעֶלטעֶן מפּיל זיין. ווי דו זעֶהסט, רעֶד איך מיט דיר אָפּעֶן וועֶגעֶן דעֶם און איך רעֶנק, אַז ביי דיר איז דאָס אויך קיין נייַעֶס נישט.

— פעֶרשטעֶהט זיך, — האָב איך געֶענטפעֶרט, אינגאַנצעֶן פעֶרפּלאַמט, — דאָס איז ביי מיר דורכאויס קיין נייַעֶס נישט, אָבעֶר איך אינטעֶרעֶסיר זיך גאַנץ וועֶניג ידעֶרמיט, ווייַל איך וועֶל פאַר קיין פּאַל אין דעֶר וועֶלט זיך נישט פעֶרנעֶהמעֶן מיט פּראַקטיק פון אַבאָרטעֶן.

שטראַלמאַן מיט'ן דאָקטאָר האָבעֶן געֶגעֶנזייַטיג זיך איבעֶרגעֶבליקט און איבעֶר זייעֶרעֶ געֶזיכטעֶר איז אַדורכגעֶלאָפעֶן אַ מאָדנעֶר שמייכעֶל.

— זעֶלבסטפעֶרשטעֶנדליך, — האָט ווראָבלעֶוויטש אָנגעֶהויבעֶן מיט אַ ווייכעֶר און מאָדנעֶ איבעֶרצייַגעֶנדעֶר שטימעֶ, וועֶלכעֶ קריכט ווי מיט נעֶגעֶל אַריין אין די נשמה, — די פּראַקטיק פון אַבאָרטעֶן איז נישט קיין נויטוועֶנדיגעֶר בעֶדינג פאַר קינפּעֶט־אַנשטאַלטעֶן און, עֶס פעֶרשטעֶהט זיך, אַז מעֶן קאָן גאַנץ רוהיג לעֶבעֶן אויך אָהן דעֶם, און אַפילו גוט לעֶבעֶן; עֶס קלעֶקט גענוג אַרבייט אַזוי אויך. איך וואָלט אָבעֶר זעֶהר נייַגעֶריג געֶוועֶן צו וויסעֶן, פאַרוואָס אייגעֶנטליך איהר טרעֶט אַרויס אַזוי שאַרף געֶגעֶן דעֶר דאָזיגעֶר, אַזוי געֶוועֶהנליכעֶר אין אונזעֶרעֶ צייַטעֶן, עֶרשייַנונג; אַזוי ווייַט אַ געֶוועֶהנליכעֶ, אַז פון די טויזעֶנדעֶר פּראַקטיצירעֶנדעֶ אין פּעֶטעֶרבורג דאָקטוירים און אַקושעֶרקעֶס וויים איך ניט צי עֶס געֶפינט זיך אַ פּאָר צעֶהנדליג אַזעֶלכעֶ, וועֶלכעֶ זאָלעֶן זיך האַלטעֶן אָן אַייעֶר מיינונג.

— אַ מאָדנעֶ זאַך, צי אַייך פעֶרוואונדעֶרט אַזוי אין אמת'עֶן מיין קריטישעֶ בעֶציהונג צו'ם אַבאָרט, וועֶלכעֶר איז נישט מעֶהר נישט וועֶניגעֶר ווי אַ לייַכט פעֶרמאַסקירטעֶר מאָרד־טהאַט?

אַ איראָנישעֶר שמייכעֶל האָט אויפ'ס נייַ אויסגעֶקרומט דאָס געֶזיכט פון ווראָבלעֶוויטש'ן.

— אַזאַ מיינונג, ווען זי גיעהט אַרויס פונ'ם מויל פון אַ געבילדעטער פּערזאָן, וועלכע איז גוט בעקאַנט מיט דער מעדיצין, איז, אַמוזענגסטענס, זעהר אַנ'אָריגינעלע, נישט זאָגענדיג שוין גאַרנישט מעהר. צי זענט איהר טאַקי אין אמת'ען מסכים אויף דעם פערעלטערטען קוק פון אונזער „בוראַקראַטישען" געזעץ (וועלכעס האָט מיט אַ בעזונדער צופריעדענהייט אַרויסגערעדט די פּראַזע), אַז יעדען אַבאָרט — נישט קוקענדיג, ווען און ווי ער ווערט אויסגעפיהרט, — בעדאַרף מען בעטראַכטען אַלס פערברעכען? גאַנץ גוט, לאָמיר אַלזאָ זיך שטעלען אויף דעם שטאַנדפּונקט און לאָמיר זיך בעמיהען צו זיין לאָגיש. זאָגט מיר, איך בעט אייך זעהר, — ווען אַ פּרויענצימער מאַכט נאָך דער געשלעכטליכער בעציהונג אַנ'איבערשווענקונג, און פערניכטענדיג דעם מעגליכען זאָמען צוזאַמען מיט איהר אייגענעם, וועלכער האָט זיך שוין אָבגעטיילט פון זיין נעסט, מיידט זי אויף אַזאַ אופן אויס די בעפרוכטונג, — דאָס וועט איהר דאָך שוין בשום אופן נישט אָנרופען פערברעכען אָדער מאָרד־טהאַט, און עס איז נישט פאַראַן קיין שום געזעץ אויף דער וועלט, אַפילו דאָס שטרענגסטע און סאַמע קאָנסערוואַטיווע געזעץ, וועלכעס זאָל דאָס פערורטיילען. גוט, און אויב דער זעלבער זאָמען ווערט ערווייטערט פונ'ם קערפּער מיט אַ וואָך שפּעטער, מיט אַ חודש, פאַרוואָס זשע זאָל דערזעלבער, בוכשטעבליך דער זעלבער טהאַט, וועלכער ווערט אויסגעפיהרט אויף דעם זעלבען וועזען און אָפּטמאָל אויך כמעט אויף דעם זעלבען אופן, פאַרוואָס זאָל ער פלוצלונג ווערען אַ שרעקליכער פערברעכען, וועלכער ווערט בעשטראָפט מיט פערלירען אַלע רעכט און מיט אַ רייהע יאָהרען קאַטאָרגע? און ווען איהר ווילט באמת זיין לאָגיש און קאָנסעקווענט, דאַן מוזט איהר שוין דאָס זיין ביז'ן עק: מען בעדאַרף אַלזאָ פערשיקען אויף קאַטאָרגע אַלע אָנאָניסטען*), אַלע, וועלכע בענוצען פערהיטונגס־מיטלען געגען שוואַנגערשאַפט, און אַפילו די, וועלכע מיידען אויס די בעפרוכטונג דורך איינשפּריצונגען און איבערשווענקען. ווייטער, אייך איז אָהן שום צווייפעל בעוואוסט, אַז א י י נ ע פון די סבות

*) די וואס טהוען „מעשה אונן". מוציא זרע לבטלה.

פון מפיל זײַן איז — צו אָפטע געשלעכטליכע בעציהונגען אין די ערשטע מאָנאַטען פונ׳ם שוואַנגערן. זײַט אַלזאָ אַזוי גוט און שטעלט אײַך פאָר, אַז װיסענדיג עטוואָס װעגען דעם, ערלױבט זיך אַ פרױ, נאָך דעם װי זי האָט דערשפירט, אַז זי איז שוואַנגער, און װעלענדיג לױז װערען דערפון, אָנשטאָט צו געהן צו אַנ׳אַקושערקע, ערלױבט זי זיך בכיון, מיט׳ן גאַנצען בעװאוסטזײַן װאָס זי טהוט, — אױף אַלערלײ סאָמע משוגע׳נסטע געשלעכטליכע מיסברױכען, און נאָך זײ מפיל׳ט זי; זאָגט זשע מיר, איך בעט אײַך, צי װעט איהר די דאָזיגע פרױ אױך פערשיקען אױף קאַטאָרגע? װײַטער, איהר װײסט גוט, אַז טראָץ דער מײנונג, װעלכע איז איבעראַל אָנגענומען אין דער װיסענשאַפט און אין דער פראַקטיק, װערען די פּראָסטיטוטקעס דאָך זעהר אָפט שוואַנגער, אָבער קינדלען — קינדלען זײ כמעט קײנמאָל נישט, צוליעב דעם, װײַל אַדאַנק זײערע איבערמעסיגע געשלעכטליכע בעציהונגען הערען זײ כמעט נישט אױף צו מפיל׳ן, און דאָס אַזױ פריהצײַטיג, אַז זײ בעמערקען עס כמעט אַלײן נישט, און װען זײ בעמערקען עס יאָ, העגגען זײ דאָס אָן געװענליך אָן אַנדערע סבות, אַלזאָ װאָלט איהר די׳זע פּראָסטיטוטקעס אױך פערשיקט אױף קאַטאָרגע? און צוזאַמען מיט זײ אפשר אױך די, װאָס װיסענדיג װעגען זײער שוואַנגערן, שנורעװען זײ זיך אין קאָרסעטען, טאַנצען בכיון זעהר פיעל, רײַטען אױף פערד א. ד. ג., דורך װאָס זײ רופען געװיס אַרױס אַ מפיל? און אין אַלגעמײן, פאַרוואָס זאָל דער מענש, — דער אײנציגער הערשער איבער זיך און זײַנע טהאַטען, — מעגען ערלױבען אָפּהאַקען זיך אַ האַנד, אַ פוס, אַ טײל פון די געדערם, אַרױסרײַסען זיך אַ צאָהן, אָבער װען עס קומט צו ערהױטערען פון זײַן קערפער אַנ׳אומגעשטאַלטליכע מאַסע, װעלכע קאָן בשום אופן נישט אָנגערופען װערען „לעבעדיגעס“ װעזען מעהר װי אונזער האַנד, פוס, פינגער א. ז. װ. — האָט דערװעלכער מענש ניט דאָס רעכט דאָס צו טהון? זאָגט מיר אַלזאָ, זײַט אַזױ גוט, האָו איז דאָ די לאָגיק?

איך האָב עטליכע מינוט געשװיגען, זײענדיג איבערראַשט פון דיזע געגנצליך פאַר מיר נײַע געדאַנקען און אַרגומענטען. װ ר ו ב ל ע װ י ט ש האָט געקוקט אױף מיר מיט טריאומף און האָט געשעפּט פערגניגען פון דעם אײַנדרוק, װאָס

זײַנע מאָטיװען האָבען אױף מיר געמאַכט.

— עס קאָן זײַן, — האָב איך זיך ענדליך אָנגערופען, — אַז טײַלװײַז האָט איהר רעכט, װען איהר רעדט פון אַזעלכע אַבאָרטען, װעלכע װערען אױסגעפיהרט אין די ערשטע מאָנאַטען פון שװאַנגערן און, עס קאָן זײַן, אַז פונ'ם װיסענשאַפטליכען שטאַנדפונקט װאָלט גערעכטיגער געװען, אַז מען זאָל אַזעלכע אַבאָרטען ניט פעררעכענען פאַר אַ מאָרד־טהאַט. איהר װעט דאָך אָבער ניט אָבלײַקענען, אַז ניט שטענדיג װערט דער אַבאָרט אױסגעפיהרט אין דער דאָזיגער צײַט. עס איז דאָך קײן ספק ניט, אַז אַ בעדײַטענדער — אױב ניט דער גרעסטער — טײל פאָרפאַלען געשעהן אין דער צײַט, װען דער אונטערשיעד צװישען דער פרוכט און, לאָמיר זאָגען, אַן'אָבגעהאַקטער האַנד איז שױן צו פיעל בולט, װען די פרוכט גיט שױן געװיסע און בעמערקבאַרע סימנים פון אַ לעבעדיג קינד.

— יאָ, עס קאָן זײַן, אַז אין דעם פאַל האָט איהר װײַטער פון אײער זײַט אױך רעכט, און גלױבט מיר, אַז דער גרעסטער טײל פון אונז פיהרט־אױס אַזאַ אַרט אַבאָרט ניט מיט קײן בעזונדער גרױסער אַנגענעהמליכקײַט און רײנעם געװיסען (בײַ די װערטער האָט שטראַלמאַן צאָרניג זיך איבערגעדרעהט אױף איהר שטוהל, און װרובלעװיטש איז, בעמערקענדיג דאָס, װי צעמישט געװאָרען). אָבער פון דער אַנדערער זײַט קאָן מען אָבער גענען דעם אױך געפינען גענוג מאָטיװען. צי איז אײַך אַמאָל ניט געקומען אין קאָפּ אַרײַן דער געדאַנק, אַז אין אַלגעמײן, אױב איהר בעזיצט אַ קינפּעט־אַנשטאַלט, װאו עס װערען אױפגענומען די זאָגענאַנטע געהײמע קינפּעטאָרינס, בעגעגעט איהר שױן דערמיט אַלײן אַ פערמאַסקירטען מאָרד. װאָס, אײַך זעהט דאָס אױס מאָדנע? עס איז אָבער קײן ספק ניט, אַז עס איז װירקליך אַזױ. װאו קומען אַהין די הונדערטער, טױזענדער קינדער, װעלכע קומען אױף דער װעלט דורך די הילף פון פערשיעדענע „געהײמע אַנשטאַלטען" געזונד, נאָרמאַל און גאַנצליך לעבענס־פעהיג? עס איז קלאָר, אַז די מוטער, װעלכע ענטלױפט צו דער הילף פון אַ געהײמע אַנשטאַלט, װעט בשום אופן ניט מיטנעהמען מיט זיך איהר קינד. און אַט דאָס קינד — שױן װירקליך און אונצװײפעלבאַר אַ לעבעדיג בעשעפעניש — בעקומט זיך אַרײַן אין די הענד פון פּראָפעס־

סיאָנעלע אַמען, צו די „מלאָכים'לעך־פאַבריקאַנטקעס“, וואו עס ווערט אָבגערוימט פון דער וועלט, געוועהנליך, אין אַזאַ פראָצענט און אויף אַזאַ אופן, וויפיעל עס איז נויטיג, אַז מען זאָל נישט צופיעל אויפמערקזאַם מאַכען אויף זיך די פּאָליציי. אַלזאָ, צי איז אַזאַ מין טעטיגקייט נישט קיין פערברעכען?

— אַלזאָ, גוט, — האָט דער דאָקטאָר פּלוצלינג איבער־געריסען זיין געשפּרעך, בעמערקענדיג אויף זיך שטראַל־מאַנ'ס אונצופריעדענעם בליק, — איך האָב זיך שוין צופיעל צופילאָזאָפירט. איך וועל גאַנץ זיכער אַייערע מיינונגען נישט ענדערן און איך וויל אפילו נישט פּרובען דאָס טהון. איהר וועט לעבען לענגער, וועט איהר אַליין זעהן און אפשר וועט איהר איינשטימען מיט מיר. און יעצט, — האָט ער צוגעגעבען, ארויסנעהמענדיג פון קעשענע אַ גאָלדענעם מאָדנעם זייגער, — איז שוין צייט אויפ'ן וויזיט. לאָמיר געהן, — וועט איהר אָנקוקען אונזער לאַבאָראַטאָריום.

און מיר זענען געגאַנגען.

צווישען די צימערן, וואו שטראַלמאַן זעלבסט האָט געוואָהנט, און דער טאַמע אַנשטאַלט, איז געווען אַ קליינער קאָרידאָר. גלייך ענטקעגענאיבער דעם הויפּט־איינגאַנג האָט זיך געפונען אַ זאַל, זעהר רייך, אָבער געשמאַקלאָז אויסגעמעב־לירט, מיט אַ מענגע אַלבומען און אילוסטרירטע זשורנאַלען. דאָ האָבען די פּאַציענטקעס פערברענגט די צייט, אָבוואַרטענ־דיג זייער אָטשערעד. רעכטס האָט געפיהרט אַ טהיר אין שטראַלמאַנ'ס קאַבינעט; לינקס — אין די צימערן, וואו עס האָבען זיך געפונען די אויפגענומענע קראַנקע. די דאָזיגע טהיר איז געווען בעשלאָגען מיט אַ דיקען געוואַנט און שטענ־דיג גוט פערמאַכט. ווי איך האָב זיך דערנאָך דערוואוסט, איז דאָס געמאַכט געוואָרען, כדי די ניי־אָנגעקומענע קליענטקעס זאָלען נישט דערהערען די געשרייען פון די קינפּעטאָרינס אָדער פון די, וואָס מען מאַכט זיי דאָרט אַ אָפּעראַציע.

שטראַלמאַנ'ס קאַבינעט איז געווען אַיינגעאָרדענט דורכאויס אויפ'ן דאָקטאָרישען אופן. אַ פּאָטעל צום פּאָרשען די קראַנקע, אַ פּולקע פאַר אינסטרומענטען, אַ ביבליאָטעק מיט דאָקטאָר־ביכער. איך האָב מיט אויפמערקזאַמקייט איבערגע־קוקט די אינסטרומענטען אויף דער פּולקע, — מיך האָט זעהר

פּעראינטערעסירט, צי עס געפינען זיך דאָרט אַזעלכע אינסטרו־מענטען, מיט וועלכע מיין פריינדין מאַכט די פּערדעכטליכע אָפּעראַציעס. אָבער איך האָב נישט בעמערקט קיין שום בעזונדערע זאַכען, נאָר אַלץ, וואָס מען קאָן געפינען ביי יעדע איינציגע אַקושערקע אָדער דאָקטאָר פון פרויען־קראַנקהייטען. שטראַלמאַן האָט בעמערקט מיין נייגיעריגקייט און האָט געזאָגט:

— דו, מיין טייערע, זוכסט, וואהרשיינליך, עפּעס שרעק־ליכע און פערברעכערישע פיניגונגס־אינסטרומענטען. אומזיסט, נישט ביי מיר, נישט ביי קיין שום אַנדערע אַקושערקע, וועלכע פערנעהמט זיך מיט אַבאָרטען־פּראַקטיק, וועסטו קיינ־מאָל נישט געפינען גאָר נישט קיין בעזונדערעס. און דאָס איז גאַנץ איבריג: צו אַזא פּראָסטע זאַך, ווי מפּיל'ען, בענוצט מען גאַנץ איינפאַכע כלים.

מיר זענען איבערגעגאַנגען אין די צימערן פאַר קינפּעטאָ־רינס.

דאָס ערשטע פון זיי, — דאָס קלענערע, האָט פערנומען נאָך גאָר אַ יונגינקע פרוי, נישט עלטער פון אַכטצעהן יאָהר, די זעלבע, וועגען וועלכער שטראַלמאַן האָט געזאָגט, אַז זי געהערט צו „פערמעגליכע". די טייערע, שענע וועש, די שפּיצען און האַפטען, די פינגערלעך מיט בריליאַנטען, וועלכע זענען געווען אַראָבגענומען פון די פינגער און אַוועקגעלעגט אויף איין קופּע אויפ'ן קליינעם טישעל, — דאָס אַלץ האָט בעשטעטיגט שטראַלמאַנ'ס מיינונג. דאָס שענע געזיכט פון דער קינפּעטאָרין האָט אויסגעזעהן אונגעהויער סימפּאַטיש. די קינפּעט איז געשעהען מיט 7 טעג צוריק, און יעצט איז זי שוין געלעגען די לעצטע טעג.

— נו, מיין טייערע, — האָט זיך שטראַלמאַן צו איהר געווענדעט (מיט די קראַנקע האָט זי שטענדיג גערעדט מיט עפּעס אַ מאָדנער צערטליך־זיסער שטימע), — ווי פיהלען מיר זיך? גיט מיר נאָר, זייט אַזוי גוט, דעם דופק. נו... אויסגעצייכענט, גוט, זעהר גוט. נאָך עטליכע טעג געדולד, וועלען מיר געגעצליך זיין געזונד און מיר וועלען קאָנען פאָהרען, וואוהין אונז וועט געפעלען.

די קראַנקע האָט געשמייכעלט מיט אַ וואונדערליך שע־

נעם, קינדערשען שמייכעל און איהר פּנים'ל איז דערביי נאָך שענער געוואָרען ווי פריהער.

— אַך, איך דאַנק... איהר האָט אַזוי פיעל געטהון פאַר מיר. איך וועל אייך דאָס קיינמאָל נישט פערגעסען. איך פיהל זיך גוט, גאָר גוט. נאָר איך הער ניט אויף די גאַנצע צייט צו קלערען וועגען דעם קליינינקען. וואָס פאַסירט דאָרט יעצט מיט איהם? ער איז געווען אַזוי שען, אַ רויטינקער און אַ קליינינקער, גאָר אַ פּיצינקער. זאָגט מיר, איך בעט אייך, נאָך אַמאָל — איהר האָט איהם אַריינגעגעבען.

— אָ, מאַדאַם! — האָט שטראַלמאַן געענטפערט און איהר קול איז געוואָרען נאָך זיסער און צערטליכער — איהר קאָנט גאַנץ רוהיג זיין. ער געפינט זיך אין גוטע און זיכערע הענד. עס איז אַ וואונדערבאַרעס געזונד קינד. ווען איהר וועט אין קינפטיגען זומער קומען צופאָהרען, וועט איהר זעהן, ווי ער וועט דערמאָלט אויסזעהן.

— איך דאַנק, איך דאַנק אייך. אָבער צי קאָן איך בעטען, — האָט די יונגע פרוי געשטאַמעלט ווי צעמישט און איהר געזיכט איז מיט אַמאָל שטאַרק רויט געוואָרען, — צי קאָן איך בעטען, אַז מען זאָל איהם אַ נאָמען געבען וולאַדימיר? איך וואָלט דורכאויס געוואָלט, איך ווייס אליין נישט צוליעב וואָס, — אַז מען זאָל איהם רופען וולאַדימיר.

הערענדיג די ווערטער פון דעם דאָזיגען וואונדערבאַרען קינד־פרוי, האָט מיר דאָס הארץ זעהר וועה געטהון אויף איהר און נישט ווילענדיג אָבער איך זיך דערמאָנט אָן ווראָבלעוויטש'ס ווערטער וועגען די „מלאכים'לעך־פאַבריקאַנטקעס".

מיר זענען געגאַנגען ווייטער.

אין צווייטען צימער זענען געלעגען צוויי קראַנקע: איינע, וועלכע האָט ערשט ערוואַרטעט איהר קינפּעט, און די צווייטע שוין נאָך דער קינפּעט, — ביידע נישט קיין יונגע און זעהר העסליכע. נישט שעמענדיג זיך פאַר קיינעם האָבען זיי צווישען זיך גערעדט הויך; קענטיג, אַז זיי זענען דאָ שוין נישט דאָס ערשטע מאָל. נעבען דער צווייטער פון זיי איז געלעגען אין אַנ'איינפאַך וויעגעל אַ קינד.

דאָס דריטע צימער — אַ גרעסערס פון די ערשטע צוויי, אַ ליכטיגעס, מיט צוויי פענסטער — איז געווען צעטיילט אויף

דרײַ טײַלען. אין די ערשטע צװײ טײַלען װענען געלעגען צװײ פּרױען: אײנע אַ יונגע פֿון אַ יאָהר 25 און די צװײטע—בּעדײַטענד אַנ'עלטערע, אונגעפֿעהר אַ 40־יעהריגע. בּײדע האָבּען אױסגעזעהן געזונד און האָבּען גאָר נישט געמאַכט קײן אײנדרוק פֿון קײן קראַנקע.

זײ האָבּען נישט אױפֿגעהערט בּעטען שטראַלמאַנ'ען, אַז זי זאָל זײ ערלױבּען אױפֿצושטעהן, פֿערזיכערענדיג, אַז זײ פֿיהלען זיך דורכאױס גוט.

אין דריטען צימער איז געלעגען נאָר אײן קראַנקע, װעלכע האָט געהאַט עפּעס אַ מאָדנעם, אונגעהױער אונרוהיגען בּליק און אױף איהרע בּאַקען האָבּען זיך אַרױסגעזעהן גרױסע, רױטע פֿלעקען.

מיט אַ טרוקענער, איבּערגעריסענער און זעהר שטילער שטימע האָט זי זיך געקלאָגט אױף שטאַרקע װעהען אין אונטערשטען טײל בּױך, נודנעקײַט און רױשען אין די אױערן.

שטראַלמאַן האָט זי געטרײסט, זאָגענדיג, אַז עס איז שטענדיג אַזױ און עס איז קײן שום געפֿאַהר נישטאָ, אָבּער איך האָבּ בּעמערקט, אַז אין די בּלאַסע אױגען פֿון דער אַקושערקע האָט עפּעס װי אַנ'אונרוהיגער בּליק געטהון, און צוריקקומענדיג אין עס־צימער האָט זי װעגען עפּעס לאַנג זיך געסוד'עט מיט װרובּלעװיטש'ען (ער איז מיט אונז נישט מיטגעגאַנגען אין די צימערן פֿון די קראַנקע און איז זיך געזעסען װי פֿריהער אין עס־צימער, פֿערטיפֿט אין לײענען אַנאָנסען).

איך בּין זעהר מיעד געװען, די נײַע אײנדריקען, דער געשפּרעך מיט'ן דאָקטאָר,—דאָס אַלץ האָט מיך זעהר אָבּגעמאַטערט.

שטראַלמאַן האָט פֿאָרגעלעגט, אַז איך זאָל זיך אָבּרוהען.

—אױף הײנט איז שױן דאָס גענוג פֿאַר דיר, איך װעל שױן אַלײן מאַכען די אױפֿנאַהמען און אַלץ, און מאָרגען װעסטו שױן אַלץ איבּערנעהמען אין דײַן האַנד.

— — — — —

אױפ'ן צװײטען טאָג האָבּ איך שױן זעלבּסט אױפֿגענומען די קראַנקע. מיט אַ שטאַרקער אױפֿרעגונג האָבּ איך אָנגעטהון אױף זיך דעם דאָקטאָרישען פֿאַרטוך און פּינקטליך

1 אזויגער בין איך שוין געזעסען אין קאבינעט. נישט דרייסט האט א קלונג געטהון דאס גלעקעל אין פאדערצימער. דאס האריך האט מיר א ציטער געטהון, עס האבען זיך דערהערט די־שנעלע טריט פון דער דיענסט, און אין אויפנאהם׳ס־צימער איז אריינגעקומען די ערשטע קראנקע, און אין א פאר מינוט ארום די צווייטע, די דריטע און אזוי האבען זיי אנגעהויבען אנשווימען ווי א שטארקער אונענדליכער שטראם, און מיר דאכט זיך, דאס ביז יעצט האט זיך דיעזער שטראם אויף א רגע נישט איבערגעריסען. פיעל קראנקע איז מיר אויסגעקומען צוזעהן פאר דעם — אויפ׳ן דארף, נאר דארט איז געזוען להלוטין נישט דאס, דארט איז געווען איינפאך צרות, איינפאך קרענק, און דא — א ש ר ע ק. דארט האבען מענשען געקרענקט צוליעב דער אונגעהוירער ארימקייט, צוליעב מאנגעל אין ערנעהרונגס־מיטלען, צוליעב דעם, וואס די ארעמקייט האט ארויסגעטריבען די קינפעטארין אין פעלד כמעט דעם צווייטען טאג נאך דער קינפעט, אבער דא...דא זאגט אלץ וועגען דער שרעקליכער אויסגעלאסענקייט פונ׳ם גרויס שטעדטישען לעבען, אלץ איז אויסגעמאטערט און פערדארבען דורכ׳ן עביגען יאגען זיך נאך פערגניגענס און ליידענשאפטען; דא זענען אלע פרויען ער־ניד׳ער׳גט. אנגעשטעקט מיט פערשיעדענע שרעקליכע קראנק־הייטען פון זייערע מענער, וועלכע האבען זיך פערדארבען נאך פאר דער התונה, געניסענדיג מיט דער פולער האנד אלע פער־גניגענס פון בהור׳שען לעבען.

די אונגעהויערע צאהל פרויען, וועלכע ליידען אויף חע־נערישע קראנקהייטען, האט מיך פשוט ערשטוינט. איך האב שוין פריהער אויך געהערט, אז פון צעהן פעטערבורגער אינ־טעליגענטע פרויען זענען אכט קראנק אויף דיעזע קראנק־הייטען און אין וועלכער עס איז פארם ליידען זיי פון די שרעקליכע רעזולטאטען דערפון, נאר איך האב דאס קיינמאל נישט געוואלט גלויבען, יעצט אבער האב איך זיך פערזענליך איבערצייגט וועגען דעם.

און נאך שרעקליכער איז דאס, וואס דער גרעסטער טייל פון זיי ווייסט גאר נישט און ווילל נישט וויסען, ווי און אויף וואס זיי זענען קראנק. אלע פלעגען שטענדיג זאגען, אז זיי ליידען עפעס אויף א פרויען־קראנקהייט, און פלעגען מורא

קריגען און אַטייל פון זיי פלעגען אפילו בעז ווערען, ווען איך האָבזיי געגעבען אַנ׳עצה, אַז זיי זאָלען זיך ווענדען צו אַ ספּע-ציעלען דאָקטאָר פון ווענערישע קראַנקהייטען.

אַ טייל פלעגען זיך דערשרעקען, ווען זיי האָבען געהערט פון מיר, אויף וואָס זיי ליידען און — אַ מאָדנע זאַך: אַממייסטען פלעגען זיי שוין נישט קומען מעהר צו מיר דאָס צווייטע מאָל, האָטש איך האָב זיי בעהאַנדעלט אויף דער העכסטער מדרגה עדעל און עהרליך. איך האָב געטהון אַלץ, וואָס נאָר איך האָב אַליין געקאָנט טהון, און איך פלעג שטענדיג אָבשיקען צו אַ געניטען און ערנסטען דאָקטאָר. נאָר דעמאָלט ערשט איז מיר קלאָר געוואָרען די סבה פון דער מאָדנער ערשיינונג, ווען איך האָב איינמאָל דערהאַלטען פון מיינער אַ פּאַציענטקע, וועלכער איך האָב אויך ענטדעקט דעם שרעקליכען אמת, אַ בריעף פול מיט פאָרווירפע, אין וועלכע זי האָט מיר אפילו גע-דראָהט מיט׳ן פּראָקוראָר, דערפאַר וואָס איך האָב, כלומר׳שט צוליעב שאַנטאַזשנע צוועקען, איהר פערזיכערט, אַז זי ליידט אויף סיפיליס, ווען אין אמת׳ן ליידט זי גאָר אויף אַנ׳ איינפאַכע „פרויען־קראַנקהייט״.

דעמאָלט ערשט האָב איך אָנגעהויבען פערשטעהן, וואָס דאָ איז: די קראַנקע פלעגען פון מיר אַוועקגעהן צו אַנ׳אַנדער אַקושערקע אָדער דאָקטאָר, כדי צו קאָנטראָלירען מיין מיינונג און זעלבסטפערשטענדיך, אַז זיי פלעגען, געוועהנליך, טרעפ-פען צו וועלכען עס איז שאַרלאַטען, וועלכער האָט זיי איבער-צייגט, אַז עס הויב זיך גאָר נישט אָן, אַז דאָס אַלץ איז אַ נאַרישקייט, אַז עס וועט איבערגעהן א. ז. וו.

האָטש אין אמת׳ן גערעדט, פלעג איך נישט איינמאָל קלערען, זעהענדיג, וואָס פאַר אַ שוידערליכען איינדרוק עס מאַכט אויף די פרויען מיין אויסזאָגען זיי דעם אמת, — צי האָב איך רעכט מיט מיין אָפענהערציגקייט? צי איז דען באמת נישט פיעל בעסער צו פערדעקען פאַר דער קראַנקער די אמת׳ע סבה פון איהרע ליידען און היילען זי אין געהיים פאַר איהר אַליין?

איבערהויפּט איז דאָס שווער מיט די יונגע פרויען, וועלכע האַלטען ערשט אַפּאָר וואָכען נאָך דער התונה. זיי-ענדיג נאָך ווי פערשכור׳ט פון דער ערשטער היץ פון איהר

ליבּע, האָט שוין אָן די פרוי זיך צו שפּירען ניט גע־
זונד. זי שטאַרקט זיך אַ טאָג, צוויי, הענגט אַליין אָן אויף
די פיזיאָלאָגישע ענדערונגען, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין
איהר אָרגאַניזם. אָבער איהרע ליידען פערגרעסערען זיך, די
וועהטאָגען ווערען אַליין מעהר דייטליכער, די בעציהונגען ווע־
רען בעגלייט מיט אונאויסדריקליכע יסורים. די פרוי פיהלט,
אַז עס איז מיט איהר נישט איבּריג לוסטיג, האָטש עס פאַלט
איהר אפילו נישט אויפ'ן געדאַנק דער השד וועגען דער אמת'ער
סבה פון איהרע ליידען, און זי ווענדעט זיך צו אַ דאָקטאָר
און אַממייסטען טייל צו אַ נאַקושערקע. די ערשטע אויספאָר־
שונג איבּערצייגט אויף זיכער, אַז עס זענען פאַרהאַן גאַנץ
דייטליכע סימפּטאָמען פון אַ שאַנקער.

די לייכטע וואונדען און ראַצען, וועלכע מאַכען זיך
כמעט אונבּעדינגט אין די געשלעכטס־אָרגאַנען בשעת די ערשטע
בּעציהונגען, גיבּען־צו דעם גאַנג פון דער קראַנקהייט נאָך אַ
מעהר שאַרפערן האַראַקטער.

מורא האָבּענדיג פאַר אַ טעות ראַטה איך כמעט שטענ־
דיג צו מאַכען באַקטעריאָלאָגישע אויספאָרשונגען, און זייז
בעשטעטיגען שטענדיג מיין שרעקליכען אורטייל.

איך ראַטה צו געהן צו אַ דאָקטאָר. די קראַנקע דער־
שרעקט זיך באַלד, — צי ליידט זי דען אויף עפּעס אַ ערנסטע
קראַנקהייט?

און דאָ ערשט שטעלט זיך פאַר אונז די אונגליקליכע
פראַגע: זאָגען, אָדער נישט זאָגען? אַנפאַנגס פלעג איך פיעל
נעכט נישט קאָנען אַיינשלאָפען. קלערענדיג אַ בּיזר דער שווע־
רער האַמלעט־פראַגע, איך בין אָבער ביז יעצט צו קיין בע־
שטימטען בעשלוס נישט געקומען און אין פערשידענע פאַלען
בענעה איך זיך פערשידען.

דער גרעסטער טייל פון זיי איז אַזוי חיוט נישט געניט,
אַזוי טראַגיש־אונפּראַקטיש, אַז איך האָב פשוט די דרייסטקייט
נישט אין זיך אפילו אָנצוזוינקען וועגען דעם אמת: דאָס
חאָלט געהייסען — אין איין מינוט צו צעשלאָגען זייער בּל נדען
גלויבען אין דער אונבּעגרענצטער מאָראַלישער ריינקייט פון
זייערע מענער און אין זייער ליבּע. אַ טייל, די גאָר אונגע־
ניטטע, מוטשען זיך, שרעקען זיך און ענדליך פרעגען זיי, צי

זענען נישט אַמאָל די יעצטיגע לײַדען זײַערע אַ רעזולטאַט פון זײַערע אוננאַטירליכע געשלעכטליכע נײַגונגען נאָך פון מײַדעלוויַז. איך בעמיהע זיך זײַ צו בערוהיגען. זאָגט וואָס איהר ווילט, אָבער צו הײַלען אַ קראַנקע, נישט אויסזאָגענדיג איהר, אויף וואָס זי איז קראַנק, און דערבײַ אַזאַ קראַנקע, וועלכע וויל בשום אופן נישט געהן צו קײַן דאָקטאָר (און ווי קאָן מען איהר גאָר דאָס זאָגען, וואָרום אויב זי בעדאַרף שוין אַ דאָקטאָר, איז עס דאָך נאָר אַ דאָקטאָר־סיפיליאָלאָג), — צו הײַלען אַזאַ־מין קראַנקע איז כלל נישט פון די לײַכטע זאַכען.

כמעט שטענדיג סטאַרע איך זיך אויף וועלכען עס איז אופן צו נויטען דעם מאַן צו קומען צו מיר און איך רעד זיך מיט איהם אַדורך גאַנץ אָפענהערציג. און וואָס פאַר אַ פערשידענע מאָדנע סצענעס קומען פאָר דערבײַ!

אַ טײל קומען צוגעהן העכסט אויפגערעגט און אונרוהיג, קענטיג, אַז זײַ פיהלען שוין, וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך, און נישט זײַער כלומרשטע פערוואונדערונג, נישט זײַער בעמיהען אָבצולײַקענען מײַן בעהויפטונג, בעווײַזען נישט צו איבערצײַגען קײנעם. אַנדערע טרעפען מײַנע ווערטער און דערשלאָגען זײַ ווי אַ דונער: סטײַטש, זײַ האַלטען זיך שוין אַזוי לאַנג פאַר גענצליך געזונד און האָבען התונה געהאַט ערשט נאָך פיעל פראָבען, און פלוצים זאָגט מען זײַ גאָר אַזאַ שרעקליכע נײַעס!

איך געדענק, ווי אײנמאָל איז אויף מײַן אײַנלאַדונג געקומען צו מיר אַ יונגער, שענער און לויט׳ן אויסזעהן אַ געזונדער אַרטיסט. און עס שטעהט מיר נאָך הײַנט פאַר די אויגען, ווי שטערבליך בלײַך זײַן געזיכט איז געוואָרען, ווי עס איז גענצליך פערענדערט געוואָרען ווי פ׳ן אַ שאַרבען, אונערוואַרטעטען וועהטאָג. איך געדענק, ווי ער האָט געשלאָכצט, מיט וועלכע שוידערהאַפטע קללות ער האָט זיך אַלײן בעשאָטען, ווי ער האָט געריסען פון זיך די האָר מיט צונויפגעדריקטע הענד. איך האָב איהם געטרײסט ווי איך האָב געקאָנט און האָב איהם געזאָגט, אַז אַלץ איז נאָך נישט אַזוי שרעקליך, אַז די קראַנקהײַט האָט זיך ערשט נאָר וואָס אָנגעהויבען, אַז אין דרײַ וואָכען אַרום וועט זײַן ווײַב גענצליך געזונד ווערען, מען בעדאַרף נאָר זיך ווענדען צו אַן ערנסטען דאָקטאָר און זיך

פלײַסיג הײלען. ער האָט מיך אויסגעהערט מיט אַ שטומפּיגען און האָפנונגסלאָזען קוק, און װען ער איז אַרויסגעגאַנגען, נישט זאָגענדיג מעהר קײן אײנציג װאָרט, איז אין זײַן בליק געװען אַזוי פיעל שטומע לײַדען און אונמעשליכע פּײַן, אַז נישט װילענדיג איז מיר געקומען אין קאָפּ דער געדאַנק, אַז ער װעט נישט איבערטראָגען זײַן אונגליק.

אויפ'ן צװײטען טאָג זענען זײ געקומען צוזאַמען, ער מיט זײַן װײַב. פון אײן בליק איהרען, אַ בליק אַ שענער, פול מיט װײכקײַט און פערצײַהונג און נאָך מיט מעהר ליעבשאַפט צו איהם, האָב איך פערשטאַנען, אַז זי װײס שוין פון אַלץ און אַז ער האָט זיך פאַר איהר מודה געװען אין אַלץ. דאַגעגען, װען איך האָב אַ קוק געטהון אויף זײַן פערגעלט געזיכט, װעלכעס איז אין משך פון אײן נאַכט פערעלטערט געװאָרען, האָב איך פערשטאַנען, װיפיעל דאָס מודה זײַן האָט איהם געקאָסט. נאָר דערפאַר איז דער װעג, װאָס ער האָט זיך אויסגעקליבען, געװען דער זיכערסטער, און איך דענק, אַז ער האָט שפּעטער געװיס נישט בעדויערט זײַן אָפענהערציגקײַט.

עס קומען אַ מאַסע שװאַנגערע און אַלץ פערשידענע. אַ סך אַזעלכע, װעלכע זענען נישט זיכער, אַז זײ שװאַנגערען, און אַ טײל פון זײ װאַרטען אויף מײַן ענטפער מיט אַ ציטערניש און האַרץ־קלאַפּעניש, מורא האָבענדיג, טאָמער װעט זיך נישט בעשטעטיגען זײער הײסטער װאונש, טאָמער, חלילה, װעט נישט ערפילט װערען זײער געהײמע, הײליגסטע פאַנטאַזיע; אַנדערע װידער, פערקעהרט, ציטערען פון שרעק, טאָמער װעט זיך אַרויסװײַזען פאַר ריכטיג זײער ערגסטע מורא.

און דאָ איז מיר פאָרגעקומען צו בעאָבאַכטען עטליכע װאונדערבאַרע און טרויעריגע צופאַלען,— אַלץ אויפ'ן גרונד פון דער זעלבער פערדאָרבענהײַט.

די טעג איז געקומען צו מיר אַ יונגע פרוי און האָט מיר מודיע געװען, אַז זי איז שװאַנגער, לויט איהר אויסרעכנונג— שוין אַרום צװײ הדשים, און אַז דער גאַנג פון איהר שװאַנגערן איז פאַר איהר אונגעהויער שװער און פּײַניגענד, בעגלײַטעט מיט פערשידענע קראַנקהאַפטע ערשײַנונגען. די שילדערונג אָבער פון דיעזע קראַנקהאַפטע ערשײַנונגען, װאָס מײַן פּאַציענטקע האָט געליטען, האָט גאָר נישט צוגעפּאַסט צו די

געהעהנליכע סימנים פון שוואנגערשאפט. איך האב זי דערום געפרעגט, צי זי איז זיכער איבערצייגט וועגען איהר שוואנגערן.

— א, אהן שום צווייפעל! שוין צוויי מאנאטען זענען פאראיבער, זייט עס האט זיך להלוטין אויפגעהערט די פער אדע. איך בין דערכון זעהר ציפריעדען, ווארום מיין הייסטער פערלאנג נאך מיין חתונה איז געוועזען, אז איך זאל ווי אמפרהסטען האבען א קינד; צום אונגליק אבער קאן איך נישט ארבערטראגען די יסורים, זיי פערגיפטען מיר פשוט דאס לעבען. איהר וועט מיר העלפען?

איך האב זי געבעטען אנידערזעצען אויף דער אק׳שער־שטוהל און האב געמאכט איבער איהר א שטרענגע אונטער־זוכונג, וועלכע האט דורכאויס בעשטעטיגט מיין חשד. די גראבע, אנגעפילטע מיט מאטעריע פאלאפיוס־רעהרלעך האבען נישט איבערגעלאזט קיין ארט אפילו צו צווייפלען דעריז, אז די קראנקע ליידט אויף א שאנ־ער אין דער שווערס־טער פארם, און אז עס איז נישטא די מינדעסטע האפנונג, אז עס זאלען ערפילט ווערען איהרע פאנטאזיעס וועגען האבען א קינד. אך, וואס פאר א פיין וועט די אונגליקליכע מוזען אריבערטראגען, ווען זי וועט זיך דערוויסען, אז נישט נאר די יעצטיגע איהרע האפנונגען האבען זיך ארויסגעוויזען פאר נישט ריכטיגע, נאר אז אויך אין דער צוקונפט איז זי פער־אורטיילט אויף א גענצליכע, כמעט אונאויסהיילבארע קינדער־לאזיגקייט.

אבער די צאהל פון מיינע פאציענטקעס, וועלכע האבען ערנסט געשטרעבט צו מוטערליכקייט, איז געוועזען א גאנץ קליינע; דער גרעסטער טייל פון זיי האבען פערלאנגט ווי עס איז לויז צו ווערען פון זייער שוואנגערשאפט.

איך וועל קיינמאל נישט פערגעסען דעם איינדרוק, וואס עס האט אויף מיר געמאכט די ערשטע פאציענטקע וועלכע האט זיך געווענדעט צו מיר מיט א פארשלאג אבצו־יאגען פון איהר די פרוכט.

דאס איז געווען א דאמע אין מיטעלען עלטער, א שענע, א בליהענדע און רייך־געקליידעטע נאך דער לעצטער מאדע, קענטיג, אז זי איז געווען פון א פערמעגליכער און

אינטעליגענטער פאמיליע.

זי איז געקומען צו מיר באלד דעם ערשטען טאג, ווען איך האב אנגעהויבען מיין פראקטיק, נאר נישט אין די געהעהנליכע עמפפאנגס־שטונדען, נאר שפעטער — אין אווענד, ארום 9 א זייגער.

מיט א צעמישטער און וואקלענדער שטימע האט זי געפרעגט, צי זי קאן רעדען מיט מיר אפען און צי זי קאן רעכענען, אז אויב איהר ביטע, וואס זי וועט פון מיר פערלאנגען, וועט זיך ארויסווייזען פאר אונמעגליך צו ערפילען, זאל דאס אלין בלייבען אין שטרענגען געהיים.

דערהאלטענדיג פון מיר א בעפריעדיגענדען ענטפער, האט זיך די דאמע אניעדערגעזעצט אויפ׳ן ברעג שטוהל און צעמישטערהייד, פערפלאנטערנדיג זיך אין די איינצעלהייטען, האט זי גענומען דערצעהלען וועגען דעם, ווי זי איז פערהייראטעט שוין אכט יאהר, אז דער מאן איהרער איז אנ׳אלטער און אייפערזיכטיגער, אז זי האט פאר איהם מורא, אבער זי ליעבט איהם נישט. זי האט קיינמאל נישט געהאט קיין קינדער, נאר פונקט איצט, ווען דער מאן איז אוועקגעפאהרען צוליעב די אינטערעסען פון זיין אמט, איז זי זיך צוזאמענגעקומען מיט זיין סעקרעטאר און האט פלוצלונג דערפיהלט, אז זי איז שוואנגער. יעצט וואלט זי געוואלט, אז זי זאל געבוירען אויף אזא אופן, אז דער מאן זאל דערפון נישט וויסען, אז בכלל זאל קיינער נישט וויסען וועגען דעם.

איך האב געענטפערט, אז מ׳קאן דאס אלין איינארדנען, אז איך וועל זי אריינגעהמען צו זיך, דאס קינד וועל איך איבערגעבען צו האדעוועץ אין זיכערע הענד און אלין וועט בלייבען אין געהיים.

די דאמע האט זיך אויסגעפרעגט וועגען אלע איינצעלהייטען, וויפיעל עס וועט זי קאסטען און וויפיעל צייט מען בעדארף דערויף.

— אבער, מיין טייערע, — האב איך בעמערקט, — אלענפאלס איז דאך נאך צו׳ם געבוירען גענוג צייט, אמוועניגסטען 6 מאנאטען, צו וואס־זשע בעדארפט איהר זיך שוין אזוי אויספרעגען וועגען אלע איינצעלהייטען?

— יא...יא... עס פערשטעהט זיך..—האט די דאמע, רויט

ווערענדיג ביז איבער די אויערן, זיך צוגערוקט גאר נאהענט צו מיר און גענומען שטאמלען נאך מעהר צעמישט ווי פריהער:

— איך בעט אייך איבער, איהר חעט מיר שענקען, וואס איך...האב זיך אזוי אויסגעפרעגט ביי אייך. אמת, איך בעדארף דאס להלוטין גארנישט. אבער איך האב מורא געהאט... אזוי, באלד מיט אמאל צו זאגען אליך...איך וואלט געוואלט... איך האב געמיינט...אז אפשר איז מעגליך, אז דאס אליץ זאל גאר נישט זיין....

— דאס הייסט, וואס זאל נישט זיין? — האב איך גע־פרעגט, נישט אויסהערענדיג זי ביזן סוף, נאר שוין פערשטעה־ענדיג וועגען וואס דא געהט.

— אזוי, אז עס זאל להלוטין גאר נישט זיין. איך האב געהערט, אז מען קאן מאכען אזוי, אז מען זאל פריהער גע־בוירען, גאר פריהער, מען זאל מפיל זיין...

—ניין, מיין טייערע, דערמיט פערגעהם איך זיך נישט; ביטע זיך צו ווענדען צו אנדערע.

און קוים האס איך האב ארויסגעזאגט די ווערטער, האב איך באלד דערפיהלט אנ׳אונגעהויער גרויסע בושה פאר דעם שטאלצען טאן, מיט וועלכען איך האב ארויסגעזאגט די פראזע, און פאר מיין אונהעפליכען בעגעהן זיך געגען דער פרוי.

איך בין באלד צו איהר צוגעלאפען, אנגעהאפט זי פאר די הענד און גענומען איינרעדען, אז זי זאל זיך בע־טראכטען און נישט בעשליסען זיך אזוי גיך אויף אזא שרעק־ליכען טריט. עס איז שוין אבער געווען צו שפעט.

איינגאנצען א רויטע, שלאכצענדיג די טרעהרען, וועלכע האבען טראץ איהר ווילען זיך געגאסען פון די אויגען, איז זי שנעל ארויסגעגאנגען פונ׳ם צימער.

דאס איז ערשט געווען די ערשטע, נאך איהר איז געגאנגען די צווייטע, די דריטע, און אזוי אהן אנ׳ענדע.....

גאט מיינער! וואס טרייבט זיי אהער? און צי איז טאקי אזוי שווער די לאסט פון דער מוטערליכקייט??

———————

15־טען יאַנואַר.

אַליין דאָס זעלבע... דאָס לעבען פליסט אויף דעם זעל־בען אופן, די זעלבע לאַנגווײַליגקײַט און װעניג פערגעניגען.

שטראַלמאַן האָט זיך שוין אינגאַנצען אַריבערגע־טראָגען פון דאַנען און יעצט בין איך שוין אַליין, די גאַנצע בעל־הבית'טע.

איך בין שוין אביסעל צוגעוואוינט געוואָרען, און יעצט מוטשע איך זיך שוין נישט אַזוי; אָבער פריהער איז גע־וועזען שווער, אונגעהויער שווער.

אין פיעל זאַכען האָב איך אומגעענדערט די מנהגים אין מײַן אַנשטאַלט: פאַר די קינפּעטאָרינס וועגען שוין יעצט בעשטימט דרײַ צימערן; נאָך דעם קליינעם זאַל רעכען איך אויך איבערצומאַכען אויף צימערן, איך בעדאַרף איהם יעצט כמעט גאַר נישט. אַלגעמיינע קראַנקע האָב איך להלוטין אויס־געהערט צו עמפּפאַנגען דערפאַר, ווײַל זיי וועגען פאַר מיר אַ צו שווערע לאַסט און אויך איבעריג: אַלץ איינס, בײַ יעדען מעהר אָדער וועניגער ערנסטען צופאַל מוז איך אָבשיקען צו'ם דאָקטאָר, און דאָ האָט מיך נאָך בעלעסטיגט דער מאָדנער קאָנטראַקט מיט װרובלעװיטשען, — פאַרוואָס איינגע־פליך, זאָל איך מוזען צו איהם איבערשיקען מײַנע פּאַצי־ענטקעס, ווען איך האָב צו איהם קיין צוטרוי נישט? נאָר זעען עס האָבען אָנגעהויבען קומען וועניגער געוועהנליכע קראַנקע, אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען פערגרעסערן נאָך מעהר די צאָהל פון די, וואָס קומען וועגען מפּיל זײַן.

פונדעסטוועגען קאָן איך מיך נאָך אַלץ נישט צוגעוועהנען צו דער מאַסע מענשען, וועלכע שטרעבען צו בעגעהן אַ מאָרדטהאַט.

ווי אַ שטראָם פליסען זיי צו מיר אָהן אַנ ענדע, מיידלעך, ווײַבלעך, אַלמנות, יונגע — נאָך קינדער כמעט, עלטערע — כמעט שוין זקנות. און אַלע אויף איין אופן: אַלע הויבען־אָן פון ווײַט, אַלע רעדען וועגען זייער לעבען מיט אַלע אינטימע דראָבנע איינצעלהײַטען. איינע איז בע־גאַנגען אַ פערראַט געגען איהר מאַן און יעצט בעדאַרף מען

דאָס פערדעקען, די צווייטע, נאָך אַ פריילין, איז אריינגע־פאַלען אין די נעץ פון׳ס שטן, די האָט דער פערליעבטער אַוועקגעוואָרפען, יענע וויעדער איז געקומען צופאָהרען צו איהרע קרובים צו גאַסט פון דער פּראָווינץ, און פּלוצים — איז געשעהען דער „צופאַל״.

און נאָך לאַנגע, להלוטין ניט־בעדערפטיגע איינצעל־הייטען און פראַגען, צי מען קאָן געביהרען אין „געהיים״, אַזוי אַז קיינער זאָל נישט וויסען א. ז. וו. — ווערט מען פּלוצים צעמישט, אַ קליינע הפסקה, און דערנאָך, — אָ, ווי גוט עס ווענען יעצט שוין מיר בעקאַנט די שלעכט פערדעקטע, נאַאיווע מאַנערען! — עס געהט אַ ניט־דרייסטע פראַגע: „אָבער צי איז נישט מעגליך דערפון פּטור צו ווערען עפּעס אויף אַנ׳אַנדער אופן, אַזוי אַז מען זאָל די זאַך נישט צו־פיהרען ביז ענדע?״ — און דערביי שטאַמלען זיי און דרעהען מיט דער צונג, גלייך ווי זיי וואָלטען מורא געהאַט פאַר׳ן שרעקליכען וואָרט — דער סינאָנים פון מערדעריי.

נאָר דער שרעקליכסטער קלאַס איז, — און דאָס איז די גרעסטע צאָהל — די פערהייראַטעטע פאָר־פעלקער, וועלכע האַלטען זיך אָן דער סיסטעם פון „קינדערלאָזען פאַמיליען־לעבען״.

די קומען צוזעהן אָפען, גאָרנישט אָנגעשטרענגט, גאַנץ אָפט צוזאַמען, דער מאַן מיט׳ן ווייב, און רעדען פּראָסט און מיטאַמאָל, וואָס זיי בעדאַרפען.

און פון זייער גלייכגילטיגען, געוועהנליכען טאָן — פונקט גלייך ווי זיי וואָלטען גערעדט וועגען דער נויטווענ־דיגקייט איבערצובייטען די אַלטע מעבעל — ווערט טרויעריג און שרעקליך אויפ׳ן האַרצען, אַזוי שרעקליך ווי קיינמאָל נישט, אַפילו נאָכדעם ווי מען הערט דערצעהלען וועגען דער שרעקליכסטער ליעבעס־טראַגעדיע, וועגען אַנ׳אָבגעגעבענעם און אַוועקגעוואָרפענעם קרבן, וועגען אַ בליק־געדאַנק פון נעהמען זיך דאָס לעבען.

דאָרט איז עס נאָר אַנ׳אומגליק, אַ „צופאַל״; דאָ אָבער איז עס אַ געוועהנליכע, אַלטעגליכע זאַך. דאָ איז עס אַ מאַ־סען־ערשיינונג, וועלכע דראָהעט, אַז עס זאָל פערוואַנדעלט ווערען אין אַ מין עפּידעמיע. עס איז גאָר קיין ספק נישטאָ,

אז אזעלכע פאמיליעס, וועלכע ווענדען אן דאס געקינסטעלטע מפיל זיין, זענען יעצט פארהאן אין פעטערבורג טויזענדער, און אין א צוויי—דריי יאהר ארום, צי וועלען זיך געפינען איינציגע טויזענד אזעלכע, וועלכע וועלען דאס נישט טהון?

אכך ווילען להלוטין קיין קינדער נישט האבען און זיי טרייבען-אב די פרוכט באלד נאך דער ערשטער שוואנ-גערשאפט; אנדערע ווידער ערלויבען זיך נאך אויף צו גע-ווינען איין קינד אדער צוויי, און דערנאך בעגעהען זיי סיס-טעמאטיש דעם פערברעכען.

די פערזאנען פון דער קאטעגאריע איז אמשווערסטען צו איבערצייגען און עס איז כמעט אונמעגליך זיי צו ענט-האגען און נישט וועלען ערפילען זייערע ביטעס.

ווען עס קומט א פאציענטקע, וואס דער שרעק פאר'ן מאן, די מורא פאר דער בושה א. ד. ג. טרייבען זי צו דער אקושערקע, קוקט זי אויף איהר טהאט ווי אויף א פערברע-כען און אזוי קוקט זי אויך אויף די טעטיגקייט פון דער אקושערקע. דעריבער זענען די פערזאנען פון דיזער קאטע-גאריע קיינמאל נישט איינגעשפארט אין זייערע פארשלאגען, זיי דערשרעקען זיך באלד, ווערען צעמישט, אפט וויינען זיי. — אבער זיי שווייגען.

אבער די דאזיגע... די זענען שרעקליך. זיי ווילען גאר-נישט קלערען, עס גלויבט זיך זיי גאר נישט, אז דיזער טהאט, וועלכען זיי ווילען בעגעהן, איז א פערברעכערישער, און אבזאגען זיי — איז פראסט אונמעגליך.

— אבער וואס רעדט איהר! — האט זיך אמאל בעמיהט צו איבערצייגען מיך איינער א מאן פון א געוויסער דאמע, זיצענדיג ביי מיר אין עמפפאנגס-צימער, — איהר זאגט; גע-זעץ. יא. איך ווייס, אז עס איז פארהאן א געזעץ. לויט וועלכען עס איז שטרענג פערבאטען אבצוטרייבען די פרוכט. אבער צי גיבען דען הייניג אזעלכע טהאטען, וועלכע זענען אויך פונקט אזוי פערבאטען אונטער דער שטרענגסטער בע-שטראפונג, און דאך, נישט קוקענדיג דערויף, בעגעהען מיר זיי שטענדיג, דאדורך, ווייל דאס געזעץ איז צופיעל אונטער-שטעליג געווארען פונ'ם לעבען, דאדורך, ווייל דער יעני-גער טהאט איז אניאונפערמיידליכער. ווען איך געה צו אייך, — און אייב איהר וועט מיר דאס נישט טהון, וועל איך געהן

צו אַנאַנדערער, — פיהל איך גאָר נישט און איך וועל נישט פיהלען, אַז איך בעגעה דערמיט אַ פערברעכען, אין געגענטייל, איך וואָלט בעגאַנגען אַ פערברעכען, ווען איך זאָל איבערלאָזען מיין ווייב אין איהר שוואַנגערשטאַנד, ווייל אין קורצען וועל איך אַלט ווערען 50 יאָהר; איך קאָן אַלזאָ נישט אויסרעכענען דערויף, אַז איך וועל דערלעבען ביז הונדערט יאָהר און וועל אַליין אויסהאָדעווען מיינע קינדער, אויב איך וועל זיי יעצט אַרויספיהרען אויף גאָט'ס וועלט. און איך האַלט זיך כלל נישט פאַר שולדיג אין דעם צופאַל, וואָס מיין ווייב איז שוואַנגער: נישט איך און נישט זי ווענען מיר נאָך נישט קיין אַלטע לייט, און בלויז צוליעב דעם, וואָס מיר, אַ מענש אַ פעהיגען מיט אַנאוניווערזיטעטס-בילדונג, איז נישט בעשערט ביז אין דער גרויער עלטער צו בעקומען הונדערט רובל מאָנאַטליך, — קאָנען מיר קיין אַסקעטיש לעבען נישט פיהרען.

— אָבער פאַר וואָס דערלאָזט איהר צו שוואַנגערשאַפט, אַלענפאַלס איז דאָך נישט שווער דאָס אויסצומיידען.

— ניין, דאָס איז אפשר נישט שווער פאַר צופעליגע פערליעבענדע, אָבער פאַר אַ פאָר-פאָלק איז עס זעהר שווער, כמעט אונמעגליך. נאָר מיר האָבען זיך שוין דאָ צופיעל אַריינגעלאָזט אין הקירות און ווענען פערקראָכען אין אַ זייט. עס איז אַ פאַקט, אַז מיין ווייב איז שוואַנגער און אַז איך האַלט פאַר ערלויבט אָבצוטרייבען פון איהר די פרוכט; מיין געוויסען מאַכט מיר דערפאַר קיין שום פאָרווירפע נישט און לויט מיין מיינונג האָט דער דאָקטאָר אָדער די אַקושערקע קיין שום רעכט נישט מיר אָבצוזאָגען פון צו ערפילען מיין פאָרשלאַג. עס איז לעכערליך און נישט קלוג צו פערגוואַלדעווען די עקאָנאָמישע ערשיינונגען. מענשען קומען-אָן, געוועהנליך, צו דיעזע מיטלען צוליעב דעם, ווייל זיי דריקט די אָרעמקייט און נויט, צוליעב דעם, ווייל די לאַסט פון דער מוטערליכקייט איז צו שווער פאַר זייערע קרעפטען. איהר קאָנט מיר אָבזאָגען, עס קאָנען מיר אָבזאָגען אַלע דאָקטוירים, אָבער דאַן וועלען מיר געהן צו פראָסטע הייבענס, צו זנאַכערקעס, מיר וועלען אָנווענדען שעדליכע מיטלען, מיר וועלען טראָגען שווערע משאות, מיר וועלען זיך צוקאַלעטשען, נאָר ווי עס זאָל נישט זיין

װעלען מיר טהון דאס, װאס מען בעדארף טהון. מיר בעדארפען נישט קיינעמס אפוטרופסות, און אפצוגעבען רעכנונג דערפאר פאר אונזער געװיסען — אונזער העכסטעס רעכט — בעטען מיר איבערצולאזען אונז אליין.

אזעלכע טענות האבען אויף מיר שטענדיג געװירקט אויף א מאדנעם אופן — זיי האבען מיך כמעט פערהיפנאטיזירט.

און נישט דאדורך, װייל מיך זאלען האבען איבערצייגט דיעזער ארט טענות, װעלכע עס פלעגט מיר אפט פארקומען אויסצוהערען אליין איינע און דיזעלבע; ניין, איך פלעג שטענדיג פיהלען דעם סאפיזם און די גאנצע פאלשקייט פון די דאזיגע מאטיװען, און דער אבארט איז פונקט װי פריהער געבליבען אין מיינע אויגען דער זעלבער פערברעכען. אבער דאס געפיהל פון עקעל און ערשיטערונג, װאס איך פלעג פריהער פיהלען בלויז ביים געדאנק װעגען דער פראקטיק פון אבטרייבען די פרוכט, גלייך װי עס װאלט זיך האנדלען װעגען עפעס א שרעקליכער מערדעריי, דאס געפיהל האט ביסלעכװייז פערלארען זיין שארפקייט. דער אבארט איז ביי מיר יעצט אויסגעקומען װי עפעס א געװעהנליכע, אלטעגליכע זאך. און געװירקט אויף מיר האבען להלוטין נישט די הערטער און די מאטיװירונגען פון די הונדערטער מענשען, װאס פלעגען קומען צו מיר, נאר דער פאקט אליין, װאס זיי טהוען דאס װי א געװעהנליכסטע זאך, װאס ארויסגעהענדיג פון מיר, קלערען זיי שוין װעגען אנ׳אדרעס פון אנ׳אנדער אקושערקע.

און װאס מעהר איך האב זיך צוגעװעהנט צום געדאנק װעגען דער מעגליכקייט פון אבארט, אלץ דייטליכער און דייטליכער האבען אנגעהויבען ארויסטרעטען ביי מיר אזעלכע מאטיװען, װעגען װעלכע איך האב פריהער מורא געהאט אפילו צו טראכטען. עס האט מיך אנגעהויבען טוטשען דער געדאנק, אז אלע טאג, בוכשטעבליך יעדען טאג, האב איך שאדען צעהנדליגער, און אמאל אפשר אויך הונדערטער רובל. און װאלטען די דאזיגע שאדענס געהאט האטש װעלכען עס איז תירוץ, — זאל זיין האטש פון דער אידעאלער זייט; נאר טאמער איז אין דער װירקליכקייט מיין אבזאג נישט מעהר װי

אַ מין ניט־נויטיגע און נאַרישע עקשנות ?...

און עפּעס ווי אויף להכעיס האָט מיך מיין שיקזאַל האָט אַמאָל אַלץ מעהר און מעהר גענויט צום קלערען וועגען געלד־פּערדינענסטען. די קינפּעט־אַנשטאַלט האָט פונקציאָנירט נישט שלעכט, עס איז קיינמאָל נישט געוועזען קיין מאַנגעל אין פּאַציענטקעס, נאָר נישט קוקענדיג דערויף זענען מיינע אויסגאַבען געוועזען אַזוי אונגעהויער גרויס (אַביסעל אפשר צוליעב דעם, וואָס איך בין ווייניג בעקאַנט געוועזען מיט'ן פּעטערבורגער לעבען), אַז מיין זאַפּאַסנע קאַפּיטאַל, וואָס איז מיר איבערגע־בליבען נאָכ'ן אָברעכענען זיך מיט שטראַלמאַנ'ען, איז מיט יעדען טאָג, מיט יעדער שעה אַלץ ווינציגער און ווינציגער געוואָרען.

און נאָך יעדען מאָל, ווען איך האָב, ענדיגענדיג מיין בע־שעפטיגונג, גענומען בערעכענען מיינע הכנסות און הוצאות, האָב איך מיט שרעק געקוקט דערויף, ווי די הוצאות וואַקסען אין ריעזיגע ציפערן אין מיין ביכעל און מיט וואָס פאַר אַ לאַנגזאַמע טריט די זעלבע ציפערן קריכען אויף דער צווייטער זייט פונ'ם ביכעל און אַ שרעקליכער און איינגעשפּאַרטער גע־דאַנק האָט מיר אָנגעהויבען עגבערן דעם מוח: „ווען איך זאָל אין אמת'ן וועלען"... אָבער, ניין! איך וויל נישט, איך יאָג עס אַוועק פון זיך. אַוועק, דו מערדערליכער, טייוועלשער געדאַנק! איך קעמפּף....

אָבער צי אויף לאַנג?

גיב מיר קרעפטען, אָ, גאָט!

30־טען יאַנואַר.

איך האָב איבערגעשפּרייזט דעם רוביקאָן... איך בין געפאַלען!

נעכטען איז עס געשעהען. עס האָבען זיך שוין געהאַט געענדיגט די עמפּפאַנגס־שטונדען, די לאַנגע און פּייניגענדע שטונדען, אַלץ מיט די זעלבע ביטעס און מיט די זעלבע פּייני־גענדע אָבזאָגעכצער.

איך בין געזעסען אין עס־צימער און האָב איבערגעקוקט די ציישונגען.

אַ קלאַנג אַ נִיט־דרייסטער, אַ קוים־דערהערענדער.

עס איז שטיל געבליבען, און ווידער אויס נײַ אַ קלונג געטהון.

דאַס דיענסט־מיידעל איז גראַדע נישט געווען אין שטוב, איך בין אַלזאָ אַליין געגאַנגען אין פאָרצימער און אויפגעעפענט די טהיר.

בײַ דער טהיר איז געשטאַנען, אָנהאַלטענדיג זיך אָנ׳ם פאָרענטש פון די שטיגען, ווי אַ שרעקליך אָבגעמאַטערטע און ווי זי וואָלט מורא האָבען אַרײַנצוגעהן, אַ זעהר הויכע און וואונדערבאַר עדעלע דאַמע.

דער גרויסער מאָדנער הוט און די געדיכטע וואָלקע האָבען געוואָרפען אַ שאָטען אויף איהר פנים און נישט ערלויבט זיך צוצוקוקען צו זײַנע צייכענס.

— צי קאָן איך זעהן די...אַקישערקע?

— ביטע, געדיט אַרײַן — איך בין עס...

שורשענדיג מיט׳ן זײַד פון איהרע אונטער־קליידער און פערשפרייטענדיג אַרום זיך אַ דעליקאַטען אַראָמאַט פון אַיערע פאַרפומען, איז די דאַמע אַרײַן אין קאַבינעט גלײַך נאָך מיר.

איך האָב אויסגעשטרעקט די האַנד צום קנעפּעל פון עלעקטרישען לאָמפּ.

— ניין, נין, ווי גוט איז איך ליעב, צינדערש ווייל אך קיין איינציג וואָרט נישט רעדען. מען בעדאַרף נישט. איך וועל זיך אַניעדערזעצען — מען מעג?

און די דאַמע האָט זיך שטילערהייד אַניעדערגעזעצט אויפ׳ן ברעג אָטאָמאַנע און מאַכטלאָז אָנגעשפּאַרט איהר וואונדערבאַר קעפּעל אויף איהרע הענד.

— איך בעט אײַך, ווי גאָט איז אײַך ליעב, הערט מיך אויס און ביז איך וועל ענדיגען רופט זיך נישט אָן קיין וואָרט, קיין איינציג וואָרט....

איך בין צו אײַך געקומען נישט אין די עמפּפאַנגס־שטונדען; ביטע, פערצײַהעט דאָס מיר. נאָר איך האָב נישט געקאָנט.

פינף מאָל בין איך אונטערגעגאַנגען צו דער טהיר פון אײַער וואָהנונג, פינף מאָל האָב איך אויפגעהויבען די האַנד צו דריקען דאָס קנעפּעל פונ׳ם גלעקעל, און איך האָב ניט געקאָנט.

און ווען — (די שטימע פון דער אומבעקאַנטער האָט אַ ציטער געטהון און טרעהרען האָבען איהר אָנגעהויבען שטיקען אין האַלז) — און ווען דער גרויסער און אַלמעכטיגער גאָט וואָלט אין דיעזער מינוט אַקוק געטהון אויף מיר, ווען ער וואָלט געזעהן מיין פּיין, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, קוקענדיג אויף די שטימע און שרעקליכע ווערטער פון אייער שילד, וואָלט ער...ער...מיר מוחל געווען אַלע מיינע גרויסע און שווערע זינד....

איך וועל אייך אַלץ דערצעהלען, האָטש דאָס איז פאַר אייך נישט נויטיג און נישט אינטערעסאַנט. איך וועל דערצעהלען צוליעב דעם, ווייל לענגער צו שוויַיגען האָב איך שוין נישט קיין כח; צוליעב דעם, ווייל אַנדערש וועל איך אַרויסלויפען אויף די גאַס, איך וועל זיך שטעלען צווישען די אומבעקאַנטע דורכגעהענדע מענשען און פאַר זיי זיך מתודה זיין.

די אומבעקאַנטע האָט איבערגעריסען איהר ערצעהלונג און זיך צעהיינט.

איך האָב זי בערוהיגט, ווי איך האָב געקאָנט, און אויסטרינקענדיג אַ גלאָז קאַלט וואַסער, האָט זי ווייטער אָנגעהויבען.

— איך מוז אָנהויבען פון וויַיט.

ערשט מיט עטליכע הדשים צוריק בין איך געווען גליקליך, אַזוי גליקליך, ווי עס קאָן געבען נאָר אין הלום אָדער אין די נאַרישע ראָמאַנסען. איך האָב געהייראַטעט פאַר אַ מאַן, אין וועלכען איך בין פערליעבט, וועלכען איך האָב געליעבט און פערהערט. ער איז פאַר מיר געווען אַלץ: אַ מאַנספּערזאָן, וועלכער האָט מיך בעשענקט מיט אַן׳אומבעגרענצטען, אומבעגריעפפאַרען גליק, אַ גליק, צוליעב וועלכען מען קאָן פערגעסט אומקומען פון די יסורים פון׳ם אומבעשרייבליכען פערגניגען דערפון, אַ מענש — מיט איין וואָרט: די פערקערפערונג פון אַלץ, וועלכעס איך בין געוואוינט געוועהן צו רעכענען פאַר עדעל, עהרליך און אָרענטליך. דאָס גאַנצע האַלבע יאָהר פון אונזער געמיינזאַמען לעבען האָט מיר אויסגעוויזען ווי עפּעס אַ בעצויבערענדער, לאַנגער הלום. עס האָט זיך מיר אַלץ געדאַכט, אַז אָט־אָט, אין אַ שענעם פריה־מאָרגען וועל איך זיך ערוואַכען און אַרומזעהן, אַז דאָס אַלץ איז נאָר אַ פערבלענדעטע זאַך, אַ פאַנטאַזיע, וואָרום ווי מעג

מען עס און ווי איז עס מעגליך צו זיין אזוי גליקליך, אזוי גליק־ליך...

און — איך האב זיך ווירקליך ערוואכט; איך האב זיך ערוואכט פיעל פריהער, ווי איך האב ערווארטעט, נאר להלוטין נישט אזוי, ווי איך האב געקלערט.

סערגיי — אזוי הייסט מיין מאן — איז קראנק געווא־רען. עס האט זיך איהם געעפענט די וואונד, וועלכע ער האט בעקומען אין דער לעצטער מלחמה, בעת ער איז נאך געוועזן מיליטער־דאקטאר, און ער האט געמוזט געהן אין שפיטאל אריין אויף 3 — 2 הדשים. דאס איז פאר מיר געוועזן ווהר א שווערע פראבע. עס האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז עס האט זיך עפעס אבגעריסען אין מיין לעבען, אז עס האט זיך אויפגע־עפענט עפעס אנ'אונפערשטענדליכע פוסטקע, און די שטונדען, וואס איך האב פערברענגט אין שפיטאל נעבען מיין מאן אין דער אנוועזענהייט פון אנדערע קראנקע און פון די שפיטאל־אויפ־זעהער, די נויטווענדיגקייט זיך איינצוהאלטען און בעהערשען זיך, דאס אלץ האט מיך נאך מעהר געפייניגט.

און דאן האט זיך דאס געטראפען...

און ווען איך הויב זיך אן דערמאנען אלץ, ווי דאס איז געשעהן, זעהט עס מיר אויס אזוי אונגליקליך, אזוי שרעק־ליך, אז טיילמאל בין איך גרייט דאס אלץ צו רעכענען פאר א נישט געשעהענע זאך, פאר א שרעקליכע פערפיהרעניש, פאר א הלום.

ביי אונז אין שטוב פלעגט שטענדיג, כמעט יעדען טאג, פערברענגען מיין מאן'ס א הבר און פריינד. ער איז גע־וועזן וואונדערבאר שען, שענער אפילו פון מיין מאן, און סערגיי פלעגט זאגען וועגען איהם אז ער איז אונגעוועהנליך קלוג און אונגעוועהנליך צעלאזט.

איך האב זיך אזוי צוגעוועהנט צו איהם, אז איך האב קיינמאל וועגען איהם נישט געטראכט און איך האב אפילו פערגעסען, אז ער איז שען און אז ער איז א מאנספערזאן.

נאר דעמאלט, ווען איך האב אמאל פאר איהם אין די אויגען — פאר איהם פלעגען מיר זיך קיינמאל נישט היטען — געקוקט אדער געגלעט מיין מאן, פלעג איך אפט בעמערקען פון איהם עפעס אנ'אונפערשטענדליכען און שרעקליכען בליק

און איך האָב געזעהן, ווי זיין פּנים פלעגט עפּעס מאָדנע בלייך ווערען. איך פלעג וועגען דעם זאָגען ס ע ר ג י י׳ע ן, — דעמאָלט האָב איך פאר איהם גאָרנישט בעהאַלטען.

ער פלעגט לאַכען און מיך אָנרופען: טרוס, א. ד. ג.

ווען דער מאַן איז געגאַנגען אין שפּיטאָל אַריין, האָט דיעזער... דיעזער הערר מיך בעזוכט אויך אַזוי אָפט ווי פריהער. מיר פלעגען צוזאַמען געהען צו ס ע ר ג י י׳ע ן און צוריקגעהען צוזאַמען אַהיים.

מיט א י ה ם איז זעהר אינטערעסאַנט און אַנגענעהם געווען צו שמועסען. ער בעזיצט בעזונדערע פעהיגקייטען צו רעדען אינטערעסאַנט וועגען די איינפאַכסטע זאַכען; ער פערהייפּנאָטיזירט פּשוט דעם מענשען, מיט וועלכען ער שמועסט, און ציהט־צו זיין אויפמערקזאַמקייט.

און מיר איז קיינמאָל אויפ׳ן געדאַנק נישט געקומען, אַז מען זאָל נישט קאָנען מיט איהם, מיט דיעזען שענעם מאַנס־פערזאָן, אָבזיצען גאַנצע שעה׳ן אַליין און שמועסען און שפּאַצירען זיך.

און אַזוי איז עס אויך געוועזען דעם טאָג.

עס איז שוין פאַריבער די מיטאָגס־שטונדע, מיר זענען געזעסען אין קליינעם זאַל און מיר האָבען געשוויגען. מיר איז טרויעריג געווען אויפ׳ן האַרצען. איך האָב געקלערט וועגען דעם, אַז אָט איז שוין אַוועק צוויי הדשים זייט ס ע ר ג י י ליעגט אין שפּיטאָל און ווער ווייס ווי לאַנג איהם וועט נאָך אויסקומען דאָרט צו ליעגען. איך האָב זיך דערמאָנט ווי מיר פלעגען אין דיעזען זאַל פערברענגען איינע אַליין אונזערע אָבענדען. דייטליך און קלאָר האָט ער זיך מיר פאָרגעשטעלט אין אַלע איינצעלהייטען, זיינע קושען, זיינע צערטליכקייטען און ווי האָבען זיך מיר היים פערגלוסט, און וואָס גיכער באַלד... און אין דיעזער רגע, גלייך ווי איך וואָלט געהאָרזאַם געוועזען עפּעס אַ היפּנאָטישען בעפעהל, האָב איך אַ קוק געטהון אויף א י ה ם... און איך האָב זיך בעגעגענט מיט זיין בליק, וועלכער האָט געפלאַמט פון ברענענדען און בעפעהלענדען פערלאַנג. איך בין צעמישט געוואָרען, און נישט ווייסענדיג אַליין פאַרוואָס, האָב איך אַראָבגעלאָזען די אויגען. און ווי אַ היה, וועלכע דערשפּירט, אַז דער קרבן געפינט זיך

שוין בײַ איהר אין די לאַפּעס, איז ער אויפגעשטאַנען, צוגע־גאַנגען צו מיר און מיך אַרומגענומען מיט זײַנע הענד ווי מיט אַנ'אײַזערנע קעט, און אונטערהויבענדיג מיט'ן קאָפּ, האָט ער זיך צוגעקלעבט צו מײַנע ליפּען מיט אַ הייסען, לאַנגען און פּײַניגענדען קוש.

איך בין אינגאַנצען ווי פערשטיינערט געוואָרען; איך האָב געוואָלט שרײַען, נאָר איך האָב זיך דערמאָנט, אַז די דיענערשאַפט איז נישטאָ און קיינער וועט דעריבער נישט דערהערען מײַן געשריי. און פּלוצים האָב איך דערפיהלט, אַז דער קוש פון דיעזען מענשען ברִיהט מיך ווי אַ פײַער, אַז עס האַפּט מיר אָן די בעקאַנטע הוואַליע פון לײַדענשאַפט, אַז איך האָב קיין כח נישט איהם אָבצושטויסען, שלאָגען, שרײַען... דאָס איז פאַר מיר געוועזען אַזוי אונערוואַרטעט, אַזוי שרעקליך, אַז איך האָב דערפיהלט, ווי דאָרטען, ערגעץ אינ־וועניג, האָט זיך אָבגעריסען עפּעס שווערעס און עקעלהאַפ־טעס און איך בין מיטאַמאָל אַראָבגעפלויגען ערגעץ אין אַנ'־אונבעקאַנטען אָבגרונד. און ווען איך האָב אין אַ מינוט שפּע־טער, ציטערנדיג אינגאַנצען פון תאוה, זיך איהם אָבגעגעבען, איז דער אַנדערער „איך" מײַנער געשטאַנען נעבען אונז פול מיט שרעק און פּײַן און האָט נישט געגלויבט זײַנע אייגענע אויגען.

— — — — — — — —

ער איז זיך אַוועקגעגאַנגען, און איך — איך האָב נישט געלעבט די דאָזיגע נאַכט... איך בין נישט געוועזען, — עס איז געוועזען בלויז עפּעס אַ שמוציגער, פּוסטער און עקעל־האַפטער שאָטען פון מיר. און בעת איך האָב אין דערפריה אַ קוק געטהון אויף זיך אין שפּיגעל, האָב איך דאָרט דער־זעהן אַ פרוי — אַנ'אַלטע, אַ פערגעלטע און אַ מיאוס'ע. ווען דער זייגער האָט אויסגעשלאָגען 12 און עס איז געקומען די צײַט צו געהן צו סערגיי'ען, האָב איך דערפיהלט, אַז איך קאָן איהם יעצט נישט זעהן, זיך צורירהען צו איהם און רעדען מיט איהם...

און — איך בין נישט געגאַנגען.

פון שפּיטאָל האָט מען טעלעפאָנירט צו מיר און מען האָט מיר צוגעשיקט צוויי סראָטשנע דעפּעשען.

איך האָב געזאָגט, אַז איך בין קראַנק. אפשר צעהן מאָל האָב איך געוואָלט אויפעפענען די דעפּעשען און זיי איבער־לייענען און — איך האָב נישט געקאָנט...

אַביסעל שפּעטער איז ער געקומען.

איך האָב געוואָלט אָנפאַלען אויף איהם, שלאָגען איהם אין פּנים, שפּייען אין די דאָזיגע שענע אויגען...

איך האָב זיך אָבער דערמאָנט, מיט וואָס איך האָב איהם נעכטען אָבגעענטפערט אויף זיינע קושען, און איך האָב געשוויגען און איהם קיין וואָרט נישט געזאָגט.

און ער האָט מיר אויך קיין איינציג וואָרט נישט געזאָגט.

ער איז צוגעגאַנגען, אָנגענומען מיין האַנד, געוואָלט אַ קוש טהון און האָט נישט געקושט.

נאָך דיזען טאָג איז ער אַוועקגעפאָהרען פון פּעטערבורג און מעהר האָב איך איהם שוין נישט געזעהן.

און אין דערפריה... אין דערפריה בין איך געגאַנגען אין שפּיטאָל.

איך האָב געהאַט צו געהן אינגאַנצען פיער גאַסען און געגאַנגען בין איך פיער יאָהר — אַ גאַנץ לעבען.

אַרויפגעהענדיג אויף די טרעפּ האָב איך זיך געמוזט אָברוהען אויף יעדען איינציגען טראָפּ: דער אָטהעם האָט זיך מיר פערשפּאַרט.

אָבער איך בין אַריינגעגאַנגען און געשמועסט פרעהליך, גלייכגילטיג און... איך האָב געקושט מיין מאַן.

און פון דעמאָלט אָן בין איך געוואָרען פאַלש, איך האָב געלאַגט יעדע מינוט, אַלץ איז געווען פאַלש און ליגען.

מיט צוויי וואָכען שפּעטער האָב איך שוין געוואוסט, אַז איך שוואַנגער, און טאַקי פון א י ה ם.

איך האָב קיין מינוט נישט געטראַכט, איך האָב אַפילו נישט געליטען דערפון מעהר. איך האָב געוואוסט און וויים וואָס איך האָב צו טהון. קיינמאָל וועל איך וועגען דעם קיינעם נישט זאָגען, נישט איהם, נישט קיין אַנדערען מענשען, די גאַנצע שולד, דאָס גאַנצע ליידען וועל איך נעהמען אויף זיך אַליין. איך וועל פערניכטען דעם דאָזיגען שפּור פון דער שאַנדע, און אָט צוליעב דעם טאַקי בין איך צו אייך געקומען.

און איהר קאָנט מיר דאָס ניט ענטזאָגען, איהר וועט די העזה נישט האָבען. געהן צו אַנאַנדערע און דריקען דאָס קנעפּעל פונ'ם עלעקטרישען גלעקעל — איך דעם פערפעהלט מיר קרעפטען... און אויב היינט וועט נישט שטאַרבען דאָס, וואָס עס לעבט נאָך נישט אין מיר, וועל איך אַליין שטאַרבען מאָרגען.

די אונבעקאַנטע האָט געענדיגט איהר ערצעהלונג און האָט שווייגענדיג געקוקט אויף מיר מיט בעטענדע און ערוואַרטענדע אויגען. איך האָב געשוויגען, ווייענדיג פערטומעלט און ערשטוינט פון דער פראָסטער און שרעקליכער ערצעהלונג; איך האָב געפיהלט, אַז דער דאָזיגער טראָפּען וועט שוין זיין דער לעצטער.

און איך האָב זי נישט אָבגעווענדעט אַפילו מיט קיין איינציג וואָרט, איך האָב נישט געפּרובט נישט איבערצייגען זי, נישט איהר אָבזאָגען.

— גוט, איך וועל אייך אַלץ מאַכען.

און אין מיר אינעווייניג האָט עפּעס דייטליך און בעוואוסטזיניג געזאָגט: „אַנאָנהויב!"

— — — — — — — —

— — — — — — — —

אַליין מיט מיינע אייגענע הענד האָב איך נישט אויסגעפיהרט דעם דאָזיגען ערשטען מיינעם פערברעכען. מיט אַ ציטערנדער האַנד האָב איך אָנגעשריבען עטליכע שורות צו הרובלעוויטש'ן און אין עטליכע מינוט שפּעטער איז ער שוין געווען ביי מיר. ער האָט זיך בעמיהעט אויסצוזעהן רוהיג און גלייכגילטיג און האָט גערעדט מיט אַ טרוקענעם, ערנסטען טאָן, אָבער אַ פערבאָרגענער טריאומף האָט אַרויסגעבלישטשעט פון זיינע קליינינקע אייגעלעך, וועלכע האָבען זיי ווייטליך געזאָגט:

— נו, האָסט אויסגעהאַלטען? האָסט זיך נישט אונטערגעגעבען?... דו הויבסט שוין אָן — נו, יעצט בּיזטו שוין אונזערע... אונזערע....

הרובלעוויטש האָט באַלד אַרויסגערופען אַנאַקושערקע, איינע פון די מעהר בעוואוסטע פון איהר „ספּעציאַליטעט",— איך האָב מיך נישט געקאָנט בעשליסען אַליין צו מאַכען די אָפּעראַציע, און גיך איז אַלץ געווען גרייט.

אין אָנהויב האָט מיך געוואונדערט, פאַרוואָס ה ר ו ב ־
לע ווי טש האָט בשום אופן נישט געוואָלט מאַכען אַליין
דעם אַבאָרט, דערנאָך אָבער איז מיר זיין טאַקטיק גאַנץ
קלאָר געוואָרען.

און בעת איך בין אין אָבענד אַריינגעגאַנגען אין צימער,
וואו אויף אַ שמאָל בעט איז געשלאָפען אַנ'אָבגעמאַטערטע
די ערשטע פאַציענטקע מיינע— נישט קיין קינפעטאָרין,
בעת איך האָב אַ קוק געטהון אויף איהר פיינליכען גע־
זיכט, האָט דער געדאַנק, וועלכער האָט מיך נישט אָבגעטרעטען
אַ גאַנצען טאָג, אויפ'ס ניי מיך גענומען פייניגען און איך האָב
מיט אַ וועהטאָג אין הארצען זיך געזאָגט:

— פערפאַלען מיין אונשולדיגקייט! די ערשטע העלפט
פון מיין לעבען — אַ לעבען פון אַנ'אָרענטליכען און עהר־
ליכען מענשען — איז פאַראיבער און געענדיגט, און אַנ'
אַנדער לעבען הויבט זיך יעצט אָן פאַר מיר. און צו וואָס וועט
מיך דאָס לעבען ברענגען? וואָס וועט מיט דער צייט פון
מיר ווערען?

דעם ר ו ב י ק אָ ן האָב איך שוין אַריבערגעשפרינגט!

————

30־טען יולי.

היינט האָב איך אויפגעעפענט מיין טאָג־בוך, איך האָב
אַ קוק געטהון אויפ'ן לעצטען ציטעל, וועלכעס האָט שוין
בעוויזען פערגעלט צו ווערען פאַר דעם האַלבען יאָהר, וואָס
איך האָב זיך דערצו נישט צוגערירט, און איך האָב זיך
נישט ווילענדיג טיעף פערקלערט.

נאָר איין האַלב יאָהר, און דאַכטען דאַכט זיך מיר,
אַז גאַנצע צעהן יאָהר זענען פאַראיבער פון יענער צייט.
אַזוי האָט זיך אַלץ געענדערט אַרום מיר און אין מיר אַליין.

און ווען איך לויף אַדורך מיט מיין בליק די דאָזיגע
צעטלעך, וועלכע זענען דורך מיר אָנגעשריבען געוואָרען פער־
העלטניסמעסיג נישט אַזוי לאַנג, ווייזען זיי מיר אויס אַזוי
נאַאיוו, אַזוי פראָסט און עס וויל זיך מיר נישט גלויבען, אַז

עס האט זיי אנגעשריבען די וועלבע האַנד, וועלכע מאכט יעצט דרייסט און גלייכגילטיג דאס אלץ, וועגען וואס איך האב פריהער אפילו נישט די העזה געהאט צו טראכטען. און עס ווייזט זיך מיר אויס, אז איך האב איבערגעלעבט א ניי לעבען, נייע לעהר־יאהרען.

יא, דאס זענען ווירקליך געווען לעהר־יאהרען. איך האב פאר דיזער צייט פיעל געלערנט, זעהר פיעל זאכען.

נאך דעם פארפאל, וועלכען איך האב בעשריבען אין פאריגען קאפיטעל, האב איך באלד זיך בעשלאסען, נישט פרובענדיג אפילו קעמפפען מיט זיך, זיך אריינצווארפען אין דעם אבגרונד, פאר וועלכען איך האב זיך פריהער אזוי געשראקען.

צווישען מיר און וורובלעווסקי האבען זיך פערבונדען עפעס א מין מאדנע און ניט־נארמאלע בעציהונגען: איך האב איהם נישט געליטען נאך מעהר ווי פריהער, איך האב איהם פראסט פיינט געהאט. כ'האב אבער געפיהלט, אז ער איז מיר יעצט נויטיג און אז אהן איהם וועל איך זיך נישט בעגעהן. ער, וויעדער, פון זיין זייט, פערשטעהט זיך, האט אויך גאנץ גוט געפיהלט, ווי איך בעציה־זיך צו איהם; אבער מיט יעדען טאג איז ער פאר מיר געווארען אלץ העפליכער און האט זיך בעמיהעט מיך אלץ מעהר צופריעדענשטעלען.

באלד ווי איך האב ביי זיך בעשלאסען צו בעשעפטיגען זיך מיט אבטרייבען פרוכט, איז וורובלעווסקי געווארען מיין ערשטער לעהרער. האטש אין אמת'ן שטעקט דא גאר קיין חכמות נישט און עס זענען אויך נישטא קיין שום בעזונדערע פראפעסיאנעלע געהיימניסען אין דער זאך. פון דער טעארעטישער זייט זענען געווען גענוג די קענטניסען, וועלכע עס בעזיצט יעדע מעהר אדער ווייניגער פראקטיקירטע אקושערקע.

דער גאנצער סוד, די גאנצע געהיימניס בעשטעהט נאר אין דער געשיקטליכקייט, אין דער פעהיגקייט נישט צו פער־לירען זיך אין דער נויטיגער מינוט, אנצווענדען דאס געהעריגע מיטעל, און דערהויפט — צו מאכען אלין אזוי, אז אין פאל זען די אפעראציע וועט זיך נישט איינגעבען, זאל שווער זיין צו דערוויסען זיך, אז דאס מפיל'ן איז ארויסגערופען געווארען אויף א געקינסטעלטען אופן און איז נישט א רעזולטאט פון ריין־נאטירליכע סבות אדער אונפארזיכטיגקייט.

דער בעסטער בעוויז, אז דערין שטעקען קיין שום

קונצען נישט, איז דאָס, וואָס איך, אָבאַרבייטענדיג אינגאַנצען אַרום איין האַלב־יאָהר, קאָן איך מיך שוין פעררעכענען — אויב נישט צו די סאַמע בעסטע, איז אַלענפאַלס — צווישען די גענצליך געניטע און גאָר געשיקטליכע אַקושערקעס פון דעם אַרט.

און צו פערדאַנקען האָב איך דאָס גאָר הויפּטזעכליך, וועלכער האָט נאָכדעם, ווי איך האָב אויסגעהערט (לויט זיין אויסדרוק) צו מאַכען נאַרישקייטען און זיך גענומען צום „געשעפט", גענומען אויף זיך אונבעמערקבאַר די ראָלע פון מיין אָנפיהרער און האָט מיך בעקאַנט מיט אייניגע אַקושערקעס, וועלכע זענען געווען מיט איהם אין פריינדליכע פערהעלטניסען. איך האָב אָנגעהויבען צוזאַמען מיט זיי אַרבייטען און אין פערלויף פון עטליכע חדשים האָב איך דערקענט און זיך ערוואָרבען די דאָזיגע אַלע ספּערען, אַלע סודות וייערע און אַלץ, וואָס עס טהוט זיך הינטער די קאָליסען, אַזוי אַז איך וועה עס אַלץ אַדורך און אַדורך און הייס אַלע פערבאָרגענסטע אייגעצעלהייטען.

און איך וואָלט זעהר גערן אויף די דאָזיגע בלעטלעך פון מיין ידוי פערשרייבען — האָטש אין אַלגעמיינע שטריכען — אַלץ, וואָס איך האָב ערפאַהרען אין איבערגעלעבט פאַר דיזער צייט.

ווען עמיץ זאָל מיך פרעגען, ווי גרויס איז די צאָהל פון די, וועלכע בעשעפטיגען זיך אין פעטערבורג מיט אַבאָרטען־פּראַקטיק, וואָלט איך זיך געפונען אין אַ גרויסע פערלעגענהייט, אום צו געבען דערויף אַ קלאָרען ענטפער: דאָס איינס איז אָבער קיין ספק נישט, אַז די גרויס פון דער צאָהל איז זעהר און זעהר בעדייטענד; ווער שמועסט, ווען מען זאָל נאָך צורעכענען די, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט אַבאָרט נישט אַלס שטענדיגע פּראַקטיק, נאָר אַזוי, צופעליגערווייזע, איינשטימיגדיג דערויף צוליעב אייגענע בעקאַנטע פערזאָנען אָדער צוליעב גאָר גרויסען געצאָהלט, — דאַן וועט די צאָהל דערגרייכען ביז צו אונגעהויער קאָלאָסאַלע ציפערן.

עס וואָלט געווען אַ טעות צו בעשטימען די אַלגעמיינע צאָהל פון דיזען אַרט אַקושערקעס, לויט דער צאָהל פון די אַנאָנסען, וואָס זענען געדרוקט אין די צייטונגען. פערהעלטניסמעסיג אַנאָנסירען זיך גאַנץ ווייניג אַקושערקעס, ווייל דאָס

היִסט שוֹין געווירקט צופיעל אויף אַנ'אָפּענעם אופן. און אין דער ווירקליכקייט, די אַנאָנסען, וועלכע ווערען, זעלבסטפער־שטענדליך, געדרוקט אין די גרעסטע און סאַמע צושפּרייטסטע צייטונגען, זענען, לויט זייער אינהאַלט, אַזוי דורכזיכטיג, אַזוי אָפּענהערציג און קלאָר, אַז מען בעדאַרף זיין בלינד אום נישט צו פערשטעהן, וועגען וואָס דאָ רעדט זיך, און נאָר די פערשטעהען זיי נישט, וועלכע האָבען אַ געוויסע סבה דערצו און ס'לוינט זיי נישט צו פערשטעהן... עס פערשטעהט זיך, אַז אַזאַ אָפּען אַנאָנסירען ברענגט אונגעהויערן פערדיענסט. עס איז אָבער דערביי פאַרהאַן אַ זעהר ערנסטע ריזיקע, און נישט יעדע, געוועהנליך, בעשליסט זיך צו געהן אויף אַזאַ געפעהרליכען וועג. אויסער דעם, בעדאַרף אַ בעדייטענדע צאָהל פון די פּראַקטיצירענדע אַקושערקעס כלל נישט צו דעקלאַמירען זיך, אַ טייל — צוליעב דעם, ווייל זייערע פּאַציענטקעס גע־הערען צו אַזאַ קאַטעגאָריע, וועלכע זוכט להלוטין נישט קיין דאָקטאָר פון די צייטונגס־אַנאָנסען, אַנדערע, וויעדער, צו־ליעב דעם, ווייל זיי זענען אָהן דעם אויך פערשאָטען מיט פּראַקטיק, אַז זיי קאָנען זיך קיין עצה נישט געבען. צווישען אַנדערע קען איך צוויי אַקושערקעס פון די סאַמע בעוואוסטע אין דער הינזיכט, וועלכע „בעדיענען" דעם רייכסטען קלאַס און פערדיענען יעהרליך צעהנדליגע טויזענדער רובל, און וועלכע האָבען זיך קיינמאָל נישט רעקלאַמירט. נאָר וועגען זיי וועל איך שפּעטער בעזונדער רעדען.

אַלע אַקושערקעס, וועלכע פערנעהמען זיך מיט אָב־טרייבען פרוכט, טיילען זיך לויט דעם קלאַס מענשען, וועלכע זיי בעדיענען, און לויט זייערע פערדיענסטען.

די נידריגסטע קאַטעגאָריע זענען די דאָרפישע „באַב־קעס", וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט זייער מלאכה אין דער שטרענגסטער געהיימניס און וועלכע בעזיצען נישט אַממייס־טענטייל אפילו קיין אייגענע קינפּעט־אַנשטאַלט. דאָס זענען אָדער פּשוט שלים־מזל'דיגע אַקושערקעס, וואָס די הצלחה שפּיעלט זיי נישט, אָדער אַזעלכע, וועלכע האָבען שוין לאַנג אַוועקגעוואָרפען זייער אַקושערין־פּראַקטיק און זיי דיענען ער־געץ אַלס קאַסירקעס א. ד. ג. אָדער זיי האָבען אייגענע האַנ־דעלס־אַנשטאַלטען. דעם אמת גערעדט, בעשעפטיגען זיי זיך

אייגענטליך נישט מיט פּרוכט־אָבטרייבען אין דער פּראַקטער בעדייטונג פון דעם וואָרט ד. ה. זיי מאַכען קיינמאָל נישט קיין אַבאָרטען־אָפּעראַציעס; זיי בעגרענצען זיך נאָך דערמיט, וואָס זיי גיבען זייערע פּאַציענטקעס עצות, ווי זיי זאָלען אויספיהרען דאָס זאָגענאַנטע „פאַמעליכע מפּיל׳ן“. אַלס געוועהנליכע מיט־לען דערצו דינען פערשידענע אינערליכע פּרעפּאַראַטען, וועלכע פיהרען, ביי מעהר אָדער וועניגער לענגער בענוצען צו מפּיל׳ן.

געוועהנליך האָט יעדע איינציגע פון די אַקושערקעס איהר ספּעציעל געליעבטען מיטעל, וועלכען זי גיט־אויף אַלס איהר אייגענע וואונדערבאַר־ווירקענדע ערפינדונג.

נאָר אַזוי ווי אין דער מעדיצין איז להלוטין נישט פאַרהאַן קיין אונשעדליך מיטעל, וואָס זאָל אויף זיכער ברענגען צו מפּיל׳ן און אויסער דעם, זענען די אַקושערקעס פון דיעזער קאַטעגאָריע העכסט פערגרעבט און אַבערגלויביג, דערום איז לייכט צו פערשטעהן, אַז זייערע מיטלען זענען על פּי רוב אָהן שום ספק שעדליך, צערשטערען אויפ׳ן ערג־סטען אופן דעם אָרגאַניזם פון דער פרוי און אויסער דעם פיהרען זיי גאַנץ אָפט נישט צו די געוואונשטע רעזולטאַטען.

די דאָזיגע „באַבקעס“ פּראַקטיקירען איבערהויפּט צווישען דעם אָרימסטען קלאַס פון דער בעפעלקערונג, ווי צ. ב. ש. דיענסטען, קעכינס, וועשערינס א. ז. וו., וועלכע זענען נישט אימשטאַנד צו ווענדען זיך צו בעסערע אַקושערקעס און בע־נוצען זיך מיט זייערע מיטלען, וועלכע זענען, אַמוועניגס־טענס, וויסענשאַפטליך בעגרינדעט. גאַנץ אָפט האָבען די באַבקעס אַ בעדייטענדע און גוט איינגעאָרדענטע אַגענטור, דורך די הילף פון וועלכער זיי ציהען־צו אין זייערע נעצען די אונ־גליקליכע קרבנות. און נאָר דערמיט ערקלערט זיך דער פאַקט, וואָס טראָץ דער אַלגעמיינער פערדאָרבענדייט, וועלכע הערשט צווישען דער פעטערבורגער דיענערשאַפט, איז דער פּראָצענט פון געבורטען צווישען זיי גאָר אונבעדייטענד.

אָבער טייער, וערהר טייער בעצאָהלען נעבּיך די אונ־גליקליכער פאַר די „וואונדערבאַר־ווירקענדע“ רפואות, און ווען יעדער אַבאָרט בכלל, אַפילו דער, וועלכער ווערט אויסגע־פיהרט דורך די געניטסטע און געלערנטסטע אַקושערקעס, מוז

אונבעדינגט בריינגען צו וועלכער עס איז ערנסטער פרויען־קראַנקהייט, קאָן מען שוין פערשטעהן, צו וואָס פאַר אַ רעזול־טאַטען עס פיהרען די מיטלען פון די „באַבקעס". דערביי מוז מען נאָך געדענקען, אַז ניט ווייניגער פון 80 — 60 פראָצענט פון די דינסטען ליידען אויף שאַנקער, אין דער אָדער אַנ'אַנדע־רער פאָרם, און ביי די שרעקליכע ענדערונגען, וואָס די קראַנקהייט ברענגט אַריין אין אָרגאַניזם פון דער פרוי, איז מפיל'ן, און נאָך דערצו ווען עס ווערט אָבגעטהון אויף אַזאַ גראָבען און ברוטאַלען אופן, — איינס פון די גרעסטע געפאַהרען.

צו מיין גרויסער פערוואונדערונג האָב איך זיך איבער־צייגט, אַז זעהר אָפט הענדלען דעם אבאָרט אויך די פרויען פון דעם קלאַס פון דער בעפעלקערונג, וועלכען איך האָב ביז יעצט גערעכענט פאַר גענצליך פריי פון דעם שלעכטס: איך רעד דאָ וועגען די פרויען און טעכטער פון די אַרבייטער־מאַכען.

די סבות, וועלכע טרייבען די מיידלעך פון דיזער ספערע צו'ם געקינסטעלטען מפיל'ן, זענען, געוועהנליך, די זעלבע, וואָס ביי אַלע איבעריגע קלאַסען: צו פריהע שוואַנ־גערשאַפט פאַר דער התונה, אָבגענאַרטע ליעבע, שאַנדע און שרעק פאַר דער פאַמיליע. זעהר האַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, וואָס די מיידלעך פון די אַרבייטער־קלאַסען הענדלען־אָן דעם אבאָרט אין אַ סך פריהעריגערן עלטער עהדער אַנדערע קלאַסען. אַ געוויסע אַקושערקע, וועלכע פראַקטיקירט אין שטאָדט־טייל, וואָס איז בעזעסען אַממייסטען דורך אַרבייטער, האָט מיר פערזיכערט, אַז פון דער אַלגעמיינער צאָהל אבאָר־טען, וואָס ווערען דורך איהר אויסגעפיהרט, זענען דאָ ניט ווייניגער ווי 15 פּראָצענט אין עלטער פון אונטער 17 יאָהר. דעם פאַקט, פערשטעהט זיך, קאָן מען ערקלערען דערמיט, וואָס די פאַבריק־אַרבייטאָרינס, וועלכע זענען געצוואונגען צו פערברענגען גאַנצע טעג, און אָפטמאָל אויך נעכט, צוזאַמען מיט יונגלעך, ווערען געוועהנליך פערדאָרבען זעהר פריה, ווייענדיג נאָך קינדער כמעט, נאָך עהדער זיי דערגרייכען די געשלעכטליכע רייפקייט און וויסען נאָך דערום ניט פון קיין שום פאָרזיכטונגס־מיטלען קעגען שוואַנגערשאַפט; שפע־טער, ווען זיי ווערען מעהר רייף, אָדער בעסער געזאָגט —

מעהר פערדאָרבען, װערען זײ שױן אױך געניט, זײ אױס־
צומײַדען די אונאַנגענעהמע פאָלגען פון זײערע װינד.

װאָס אַנבעלאַנגען װײַטער די פרױען פון די אַרבײטער, װעלכע מפיל׳ן אױך זעהר אָפט אױף אַ געקינסטעלטען אופן, מוז איך בעמערקען, אַז זײ טהוען דאָס שױן געװעהנליך אין די עלטערע יאָהרען, װען יעדעס נײַ־צוגעקומענע קינד װערט פאַר דער פאַמיליע אַנ׳אױנערטרעגליכע לאַסט, איבערהױפּט פאַר דער מוטער, װעלכע אַרבײט על פּי רוב אין פאַבריק צוזאַמען מיט׳ן מאַן. די אַרבײטער־פרױ, אַנ׳אױסגעמאַטערטע פון איהר שװערער אַרבײט, עלטערט זיך פאַר די צײַט און װערט געװעהנליך גלײַכגילטיג צו די געשלעכטליכע תאװות, און אױב זי ערפילט װײַטער די געשלעכטליכע בעציהונגען, איז דאָס נאָר, װײַל זי מוז צוליעב טהון דעם פערלאַנג פון איהר מאַן. ניט אײנמאָל קומט־אױס אױסצוהערען פון די דאָזיגע אונגליקליכע פרױען אָרדינערע ערצעהלונגען װעגען דעם, אַז זי איז אײגענטליך שױן גאַנץ אַלט, און צו שװאַנ־
גערן און קינדלען בײַ די יאָהרען — איז אי אַ שאַנדע, אי שװער. מען קאָן אפילו ניט טראַכטען װעגען אַזאַ זאַך, מען מוז שטענדיג אַרבײטען, אַרבײטען אָהן אױפהער; אָבער װאָס קאָן מען טהון, דער מאַן פאָדערט, נעהמט מיט געװאַלד און פרוב זאָג איהם אָב — שלאָגט ער.

---

װי איך האָב אײבען געזאָגט, ענטהאַלטען אין זיך די מיטלען, מיט װעלכע עס בענוצען זיך די אַקושערקעס — באַבקעס, קײן שום בעזונדערע זאַכען ניט און זענען אײנפאַכע מעדיצינישע מיטלען, װעלכע האָבען געװיסע פערגיפטונגס־אײגענשאַפטען. און אין אמת׳ען זענען על פּי רוב די אַלע מפיל׳ס, װעלכע װערען אַרױסגערופען דורך די הילף פון מע־דיצינישע אָבטרײַבענדע מיטלען, ניט מעהר װי אַ רעזולטאַט פון אַ טײלװײַזע פערגיפטונג פונ׳ם אָרגאַניזם אין װעלכער עס איז פאָרם.

אין דער הינזיכט איז מיר געלונגען צו מאַכען אַ גאַנ־
צע רײַהע זעהר אינטערעסאַנטע בעאָבאַכטונגען.

פיעל מענשען האָבען געװיס בעמערקט, אַז פון דער אונהױפהערליך װאַקסענדער צאָהל פון זעלבסטמאָרדען צװי־

שען יונגע מיידלעך אין די גרויסע שטעדט, געפאלט א בעדייטענד גרויסער פראצענט אויף פערגיפטונג מיט פאספאר, אבער וועניג־ווער האט מיט דער געהעריגער אויפמערקזאמ־ קייט בעמערקט, אז צווישען די פערגיפטענדע פערגעהמען דעם ערשטען פלאץ שוואנגערע מיידלעך, און אז גאנץ אפט פערגיפטען זיי זיך מיט גאנץ קליינע דאזעס, וועלכע קאנען נישט זיין גענוג אויף ארויסצורופען דעם טויט.

אט דיעזען פאקט וועלען מיר זיך קאנען לייכט ער־ קלערען, ווען מיר וועלען זיך דערמאנען, אז פאספאר ווערט אויך בענוצט אלס מיטעל אפצוטרייבען די פרוכט; דערביי, ווי ביי אלע אנדערע עהנליכע מיטלען, קומט־פאר דאס מפיל'ן אלס רעזולטאט פון אנ'אלגעמיינער פערגיפטונג פונ'ם ארגאניזם.

עס איז אלזא קיין שום צווייפעל נישט, אז א זעהר גרויסער פראצעס פון די, וואס פערגיפטען זיך מיט פאספאר, האבען להלוטין נישט געמיינט צו נעהמען זיך דאס לעבען און האבען נאר געוואלט זיך אפטרייבען די פרוכט, נאר זיי האבען דערביי נישט גוט אויסגערעכענט די געהעריגע דאזע.

ועלבסטפערשטענדליך, אז קיין שום אקושערקע, אפילו פון דער קאטעגאריע „קאנאהאלען", וועלכע איך בעשרייב דא יעצט, וועט זיך קיינמאל נישט בעשליסען פארצושרייבען אזא געפעהרליך און דערצו נאך נישט זיכער מיטעל ווי פאס־ פאר; דאס בענוצען נאר די, וועלכע היילען זיך דורך „אייגענע, היימישע מיטלען".

מען מוז אבער מודה זיין, אז אויך אלע אנדערע „פרע־ פאראטען", וועלכע ווערען שטארק אנגעווענדעט אין דער פראקטיק פון געקינסטעלטען מפיל'ען, אונטערשיידען זיך גאנץ וועניג פון פאספאר.

זעהר אפט בענוצט מען אויך דערצו „ספאריש" און זיינע פרעפאראטען, איבערהויפט דעם עקסטראט פון דעם דאזיגען געוויקס, וועלכער איז בעקאנט מיט'ן נאמען „ער־ גאטינא", אלס א גאר שטארק מיטעל. און נישט קוקענדיג דערויף, וואס דאס דאזיגע מיטעל איז שטארק פערשפרייט, און טראגען די שטארקע פערגיפטונגס־אייגענשאפטען, וואס „ספאריש" בעזיצט אפילו אין אונבעמערקבארע דאזען, פינ־ דעסטוועגען איז דער פראצענט פון טויט־פאל־פאלען ביי'ם

בּעֶנוּצעֶן זיך דעֶרמיט זעֶהר אונבּעֶדייטעֶנד. דאָס עֶרקלעֶרט זיך דעֶרמיט, וואָס די אַקוּשעֶרקעֶס, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן גוּט בּעֶקאַנט מיט דיעזעֶן מיטעֶל און וויסעֶן פוּן דעֶר סכנה, וואָס קאָן פּאָרקוּמעֶן בּיים בּעֶנוּצעֶן זיך דעֶרמיט, זעֶנעֶן זעֶהר פּאָרזיכטיג בּיי'ם בּעֶשטימעֶן די דאָזעֶ דעֶרפוּן.

ווען איך אַליין, פּעֶרזעֶנליך, האָב געֶמוּזט אין צוויי פּאַלעֶן אַרויסרוּפעֶן מפּיל'ס, נישט דוּרך אָפּעֶראַציעֶ, — וויל מיינעֶ פּאַציעֶנטקעֶס האָבּעֶן דעֶרויף נישט איינגעֶשטימט, — נאָר דוּרך אינוועֶניגסטעֶ אָבּטרייבּעֶנדעֶ מיטלעֶן, האָבּ איך זיך אויך אָבּגעֶשטעֶלט אויף „ספּאָריש“.

אין איין פּאַל איז דעֶר רעֶזוּלטאַט געֶוועֶן אַ געֶלוּנגעֶנעֶר. אין צווייטעֶן אָבּעֶר, נישט קוּקעֶנדיג דעֶרויף, וואָס די פּאַציעֶנט־קעֶ האָט דאָס מיטעֶל צוויי מאָל איינגעֶנוּמעֶן און דעֶרבּיי אין אַ גרעֶסעֶרעֶ דאָזעֶ, האָבּ איך דאָך קיין שוּם עֶרפאָלג נישט געֶקאָנט דעֶרגרייכעֶן, האָטש די ספּעֶציפישעֶ סימנים פוּן דעֶר ווירקוּנג פוּן „ספּאָריש“, אָדעֶר דייטלעֶכעֶר געֶרעֶדט — די פּעֶרגיפטוּנג דוּרך איהם — זעֶנעֶן געֶוועֶן געֶנוּג בּוֹלט.

זעֶהר פּאָפּוּלעֶר איז אויך „רעֶנישעֶר יאַלאָוויעץ“. דעֶר־בּיי בּעֶדאַרף מעֶן בּעֶמעֶרקעֶן, אַז עֶר ווערט געֶוועֶהנליך בּעֶנוּצט דוּרך פּעֶרזאָנעֶן, וואָס זעֶנעֶן זעֶהר אוּנגעֶבּילדעֶט. די פּעֶרגיפ־טוּנגס־איינזעֶנשאַפטעֶן פוּן איהם זעֶנעֶן בּעֶדייטעֶנד שטאַרקעֶר פוּן דעֶם אוּיבּעֶנדעֶרמאָנטעֶן מיטעֶל און די טויט־פאָרפאַלעֶן בּיי'ם בּעֶ־נוּצעֶן זיך מיט איהם זעֶנעֶן אַ סך אָפטעֶר.

אין אַלגעֶמיין קאָן מעֶן זאָגעֶן, אַז די צאָהל פוּן די טויט־פאָרפאַלעֶן, וועֶלכעֶ דעֶרגרייכט בּיז צוּ'ם געֶריכט, איז זעֶהר אַ קליינעֶר פּראָצעֶנט פוּן דעֶר אַלגעֶמיינעֶר צאָהל שטאַרבּעֶנדעֶ פרויעֶן דוּרכ'ן אָנווענדעֶן מיטלעֶן אויף אָבּצוּטרייבּעֶן די פרוּכט. די סבה דעֶרפוּן איז, וואָס אין דעֶם פּעֶרבּרעֶכעֶן איז פּעֶרמישט, אויסעֶר דעֶר אַקוּשעֶרקעֶ, אויך די פּאַציעֶנטקעֶ זעֶלבּסט, וועֶלכעֶ טראָגט אויך לויט'ן געֶזעֶץ אַ פּעֶראַנטוואָרטליכקייט דעֶרפאַר; און אַ חוץ דעֶם זעֶנעֶן כמעט בּיי אַלעֶ פּאַלעֶן דעֶרין פּעֶרמישט נאָך אַנדעֶרעֶ פּעֶרזאָנעֶן: אַ מאַן, אַ געֶליעֶבּטעֶר א. ז. וו.

אויסעֶר דעֶם איז זעֶהר שוועֶר צוּ דעֶרגעֶהן אויף קלאָר, אַז דעֶר טויט איז געֶקוּמעֶן פוּן בּעֶנוּצעֶן וועֶלכעֶס עֶס איז מיטעֶל אָדעֶר פוּן אַנ'אָפּעֶראַציעֶ, וועֶלכעֶ איז געֶמאַכט געֶוואָרעֶן מיט'ן

צוועק אַרויסצוזופּען אַנ'אַבאָרט, ווײַל די זעלבע מיטלען ווערען אויך אָנגעווענדעט דורכאויס אויף אַנדערע צוועקען, ווי, למשל, צו נעהמען זיך דאָס לעבען א. ד. ג.

אָט דאָס אַלין איז די אמת'ע סבה, וואָס פון די טויזענדער אַבאָרטען, וואָס ווערען אויסגעפיהרט אין פּעטערבורג, און פיעל טויט־פּאָרפאַלען, וואָס קומען דערפון אַרויס, דערגרייכט עס צו דער פּראָקוראַטור אַזוי ווייניג, אַז עס איז גאַנץ נאַטירליך, וואָס יעדער איינציגער אַזעלכער פּאָרפאַל דיענט אַלס מאַטעריאַל צו אַ סענסאַציאָנעלען פּראָצעס און עס ווערט אויס די אַ וועלטענע ערשיינונג.

——————

יעצט וועל איך איבערגעהן צו דער צווייטער קאַטעגאָריע, צו וועלכער איינענטליך איך אַליין געהער אויך.

דאָס זענען אַזעלכע אַקושערקעס, וועלכע פּילען־אָן מיט זייערע רעקלאַמעס די עמודים פון אַממעהרסט צושפּרייטע ציי־טונגען און צו וועלכע עס שיקען אייך אָב אײַערע בעקאַנטע, אָדער בעוואוסטע דאָקטוירים, וואָס ווילען אַליין נישט ער־פילען אײַער פאָרשלאַג.

כמעט אַלע, מיט גאַנץ קליינע אויסנאַהמען, בעזיצען זיי איינענע קינפּעט־אַנשטאַלטען, וועלכע גיבען־צו אין אַ געוויסער מאָס דעם גאַנצען עסק אַ לײַטישען אויסזעהן און אויסער דעם גיבען זיי נאָך די מעגליכקייט זיך צו רעקלאַמירען אָפען אין די צײַטונגען און צוציהען דורכדעם וואָס מעהר קרבנות אין זייערע נעצען.

די פּאַציענטקע, וועלכע בעשליסט זיך דאָס ערשטע מאָל צו מפיל'ן אויף אַ געקינסטעלטען אופן, בשעת זי געהט וועגען דעם צו דער אַקושערקע ווייס זי נאָך נישט אויף זיכער, מיט וואָס די זאַך וועט זיך ענדיגען, צי טאַקי מיט מפיל'ין, אָדער אפשר גאָר אונטערהאַרטען אַביסעל און מאַכען אַ געהיימע קינפּעט. דער לעצטער בעשלוס איהרער קומט ערשט דעמאָלט, ווען דער אַקושערקע געלינגט צו איבערצייגען זי, אַז דאָס אַלין איז אַ נאַרישקייט, אַז נישט נאָר וואָס עס איז להלוטין נישט געפעהרליך, נאָר מען שפּירט נאָך דערבײַ אפילו דעם מינדעסטען וועהטאָג נישט, אַז אַרום און אַרום וועט דער גאַנצער עסק געדויערן אַ צוויי — דרײַ טעג צו'ם העכסטען, אַז עס וועט קאָסטען

אַ קלײניגקײט א. ז. וו.

פערשטעהט זיך, אַז די יונגע און אונגעניטע פאַציענטקע, וועלכע האָט קײן בעגריף נישט, וױ דער גרעסטער טײל פון אונזערע פרויען, אַפילו וועגען די אײנפאַכסטע פיזיאָלאָגישע ער־שײנונגען, און וועלכע האָט זיך פאָרגעשטעלט דאָס אַרויסרופען אַ געקינסטעלטען מפיל אַלס אַ שווערע און שמערצליכע אָפּע־ראַציע, — דערהערענדיג אַזעלכע ווערטער פון דער אַקושערקע, ווערט זי ענטציקט און בעשליסט זיך אויף אַ אָפּעראַציע.

ווען אָבער די נאַאיווע פרויען, וועלכע קומען אָפטמאָל פון הונדערטער וויאָרסט ציפאָהרען קײן פעטערבורג צוליעב דעם נס, וואָס וועט זײ דאָ בעגליקען, — זאָלען וויסען וואָס פאַר אַ שרעקליכע צוקונפט די קלײנע און אונשולדיגע אָפּעראַציע גרײט פאַר זײ צו, וואָס פאַר אַ ריעזיגער פּראָצענט פון זײ בלײבען דאַדורך קאַליעקעס אױף׳ן גאַנצען לעבען, און וויפיעל פון זײ ערלעבען גאָר נישט פון דאַנען אַרויסצוגעהן — ווען זײ זאָלען דאָס אַלץ וויסען, וואָלטען זײ זיך נישט לאָזען אַזוי לײכט איבערהערען פון די אַקושערקעס...

אין אַלגעמײן בעדאַרף מען בעמערקען, אַז וואָס מעהר און עפענטליכער אַנ׳אַקושערקע בעשעפטיגט זיך מיט אַבאָר־טען־פּראַקטיק, אַלץ מיט ווינציגער השק נעהמט זי אָן אין איהר אַנשטאַלט געוועהנליכע קינפּעטאָרינס, און ווען זי מוז זײ אָננעהמען, אַלס אַ שולד, צו פערדעקען דורך זײ איהר גע־הײמע בעשעפטיגונג, דאַן פאָדערט זי דערפאַר אַנ׳אונגעהויער גרויסען פּרײז. און די זאַך איז גאַנץ פערשטענדליך: וועראַנ־דיג צוגעוועהנט צו לײכטע און גרויסע פערדיענסטען ווײזט זיך זײ שוין אויס, אַז די געוועהנליכע דאָקטאָרשע פּראַקטיק איז צו שווער און צאָהלט זיך נישט אָב.

מערקווירדיג איז, וואָס צווײ פון די סאַמע סאָלידע בע־וואוסהײטען פון דעם פאַך, וועלכע וואָהנען אויף די רײכסטע גאַסען אין פעטערבורג און פערנעהמען גרויסע און אונגעהויער רײכע וואָהנונגען, נישט נאָר וואָס זײ בעזיצען נישט קײן קינפּעט־אַנשטאַלטען, נאָר אויף זײערע שילדען איז אַפילו נישטאָ דער אויסדרוק „אַקושערקע". זײ בעדאַרפען דאָס להלוטין נישט. אָהן דעם קען זײ אויך זעהר גוט גאַנץ פעטערבורג, און אויפ־גענומען צו ווערען בײ זײ מוז מען זיך פערשרײבען מיט צווײ—

דרײַ טעג פריהער.

צוטרעטענדיג צו בעשרײַבען די מיטלען, וועלכע ווערען אַם מייסטען בענוצט אין דער פראַקטיק, מוז איך זיך מודה זײַן, אַז צווישען אַלע אינערליכע מיטלען ווייסען מיר נישט איינס אַזעלכעס, אויף וועלכען מען זאָל קאָנען אָנווײַזען, אַז דאָס איז אונבעדינגט זיכער און אונבעדינגט נישט־שעדליך.

דער לײַכטסטער אופן אַרויסצורופען אַנ'אַבאָרט איז פאַר די אַקושערקעס — דורכצושטעכען אָדער צערײַסען די פרוכט־הײַטלעך דורך די הילף פון אַנ'אינסטרומענט, וועלכער ווערט אַרײַנגעפיהרט אין העלזעל פון דער געבערמוטער. די פאַציענט־קע לײַדט דערבײַ קיין שום שמערצען נישט, אויסער וואָס זי שפירט אַנ'אונאַנגענעהם געפיהל בעת'ן אַרויסגעהן פון איהר עפּעס אַ פרעמדעס וועזען. אָבער דיזער אײַנדרוק איז אַזוי קליין, אַז די אָפּערירענדע פרויען בעמערקען אַפילו נישט על פּי רוב די סעקונדע, ווען דאָס מפּיל געשעהט, און נישט איין מאָל מאַכען עס די אַקושערקעס אָב אויף אַזוי אַנ'אופן, אַז די פאַציענטקע אַליין ווייס גאָרנישט דערפון און נעהמט עס אָן פאַר אַ געוועהנליכע אונטערזוכונג מיט'ן פינגער.

דאָס דאָזיגע מיטעל האָט נאָך איין גרויסע מעלה, וואָס דערנאָך איז כמעט אונמעגליך צו זיך צו דערוויסען, ווען און דורך וועמען דאָס מפּיל איז געשעהן און צי עס איז גאָר אין דער ווירקליכקײַט געשעהן.

מען בעדאַרף דערצו קיין שום ספּעציעלע כלים נישט, און האָטש אין דער אַקושער־פּראַקטיק ווערט בענוצט אַ ספּע־ציעלער אינסטרומענט בעת'ן אַרויסרופען אַ פריהצײַטיגען געבורט, נאָר צוליעב זעהר לײַכט פערשטענדליכע סבּות געפינען די אַקושערקעס, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט פרוכט־אָבטרײַבונגען, פאַר גלײַכע נישט צו האַלטען דעם דאָזיגען אינסטרו־מענט בײַ זיך אין וואָהנונג. זיי בעגניגען זיך אַלזאָ צו דער אָפּע־ראַציע מיט אַ געוועהנליכע מוטער־זאָנדע אָדער מיט וועלכע עס איז אַנדערע לאַנגע און שאַרפשפּיציגע זאַך.

איין אונבעקוועמליכקײַט איז פאַרהאַן בײַ'ם אָנווענדען דאָס דאָזיגע מיטעל, נעמליך, וואָס די שוואַנגערע פרוי אַליין, בעזונדערס אַנ'ערשטלינגערין, קאָן בשום אופן אַליין נישט אויספיהרען אויף זיך דיזע אָפּעראַציע און עס מוז אונבע־

דינגט דערין זיך בעטייליגען א צווייטע פערזאָן. דעריבער, אין פאַל, ווען די זאַך ווערט ענטדעקט און איבערגעגעבען דער פראָקוראַטאָר, קאָן די אַקושערקע זיך נישט פערטיידיגען, פערזיכערענדיג, — ווי זי טהוט געוועהנליך ביי'ם אָנהויבען אינערליכע מיטלען, — אַז די קראַנקע האָט אַליין פון זיך אָפּ־געטריבען די פרוכט און צו איהר, צו דער אַקושערקע, איז זי געקומען שוין דערנאָך, ווען זי האָט דערפיהלט, אַז מיט איהר איז שלעכט.

פיעל שווערער איז דאָס מיטעל פון מאַסאַזשירען און קוועטשען די געבער־מוטער דורך די הויט פונ'ם בויך. דאָס פאָדערט ווערה פיעל איבונג און געניטשאַפט.

עס ווענען פאַרהאַן ספעציאַליסטקעס, וועלכע קאָנען אַזוי געשיקט און שנעל געפינען דעם געהעריגען אָרט פאַרין מאַ־סאַזש, אַז נאָך צוויי — דריי מאָל מאַסאַזשירען מוז געשעהן דער אַבאָרט. אָבער אַזעלכע ספעציאַליסטקעס ווענען דאָ זעהר וועניג און ווענען דעריבער שטאַרק בעריהמט צווישען ווייערע קאָלעגען און פאַציענטקעס.

די מעלה פון דעם מיטעל איז דערין, האָס די פאַציענט־קעס, וועלכע האָבען נאַטירליך מורא פאַר יעדע אָפּעראַציע, שטימען דערויף גיכער איין, ווי אויף'ן פריהערדיגען מיטעל.

עס גיבען נאָך מיטלען, ווי: טאַמפּאָנירען די געבער־מוטער, פערברייטערן איהר העלזעל, איינשפריצונגען א. ז. וו.

דאָס טאַמפּאָנירען שטעלט־פאַר זעהר אַנ'ערנסטע גע־פאַהר, צוליעב דעם, וואָס די מאַטעריאַלען, פון וועלכע די טאַמפּאָנען ווערען געוועהנליך געמאַכט, ווענען פון אַזא אַרט, אַז עס איז זעהר שווער צו גאַראַנטירען פאַר זייער ריינקייט און דערפון קאָנען אַרויסקומען ערנסטע קראַנקהייטען.

די אָפּעראַציע פון אָבטרייבען פרוכט ווערט געוועהנ־ליך געמאַכט אין דער וואָהנונג פון דער אַקושערקע און אַם מעהרסטענטייל באַלד אין ערשטען טאָג. ווייל דאָס איז אין די אינטערעסען פון דער אייגענטימערין פונ'ם אַנשטאַלט, אַז דער קאָמפּלעט פון די אָפּערירענדע פּאַציענטקעס זאָל זיך בייטען מעגליכסט אָפּטער. אין אַלגעמיין פערברענגט יעדע קראַנקע ביי דער אַקושערקע פון דריי ביז פיער טעג.

עס טרעפט אויך אָפט, בעזונדערס ביי פערהייראַטעטע

פרויען, וועלכע טרייבען אָב די פרוכט מיט דער ידיעה פון זייערע מענער, אַז זיי בלייבען די גאַנצע צייט פון דער אָפּעראַציע ביי זיך אין דערהיים. דאָס איז געוועהנליך זעהר גוט פאַר דער אַקושערקע, ווייל אויף אַזאַ אופן איז זעהר שווער צו דערוויזען איהר אַנטהייל אין דער זאַך.

מיט דער פּראַקטיק פון פרוכט־אָבטרייבען בעשעפטיגען זיך ניט נאָר בלויז פרויען; עס פערנעהמען זיך דערמיט אויך אַ געוויסע צאָהל דאָקטוירים. נאָר צוליעב דעם נאַטירליכען אונצוטרוי, וואָס די פרויען שפּירען אין אַזעלכע פאַלען צו מאַנסלייט, מוז זיך זייער ראָלע בעגרענצען נאָר דערמיט, וואָס זיי זענען אַ מין קוראַטאָרען און אַפּוטרופּסים פון דיעזען אַרט אַנשטאַלטען: אין גאָר וויכטיגע פאַלען גיבען זיי עצות, העלפען, אויב די אָפּעראַציע האָט זיך ניט איינגעגעבען, און איבערהויפּט איז נויטיג זייער הילף, ווען מען בעדאַרף צו פערדרייבען דעם גאַנצען עסק, אויב עס האָט זיך געטראָפען דאָס, וואָס אויף אונזער לשון רופט מען עס „איינשלאָפונג“, ד. ה. אויב די פאַציענטקע איז געשטאָרבען בעת דער אָפּעראַציע אָדער באַלד דערנאָך.

אין דער הינזיכט איז מיין ווראָבלעוויטש אַ האַראַקטעריסטישער טיפּ. ער קען זיך כמעט מיט אַ העלפט פון אַלע פּראַקטיצירענדע אַקושערקעס אין פּעטערבורג; מיט פיעל פון זיי געפינט ער זיך אין פריינדליכע בעציהונגען, בעזאָרגט זיי אָפט מיט פּראַקטיק און רעקאָמענדאַציעס און שלעפּט זיי שטענדיג אַרויס פון דער צרה אין פאַל פון אַן „איינשלאָפען“. דערפאַר אָבער ער אַליין דירעקט פערנעהמט זיך קיינמאָל ניט מיט פּראַקטיק פון פרוכט־אָבטרייבונג.

מאַנסבילען, וועלכע בעשעפטיגען זיך פערוועגליך מיט פרוכט־אָבטרייבונג זענען פאַרהאַן צווייערליי קאַטעגאָריעס. די ערשטע זענען, געוועהנליך — געוועזענע אָדער נאָך יעצטיגע אַלפאָנסען, וועלכע האָבען זעהר פיעל פאַציענטקעס, פון צווישען די ניעדריגסטע שיכטען פון דער בעפעלקערונג, ווי: גאַסען־פּראָסטיטוטקעס, בעדיענערינס אין טראַקטירניעס, קליינע הענדלערקעס א. ד. ג.

זייער טעטיגקייט אין דער הינזיכט איז זעהר האַראַקטעריסטיש: זיי גיעבען געוועהנליך איין זייערע קרבנות שטאַרקע

און פײַניגענד־װירקענדע מיטלען, װעלכע זײ טראַכטען אַלײן אויס, צונויפמישענדיג פערשיעדענע שװײנערײַען, װעלכע פאַלען זײ גראַדע אַרײַן אין דער האַנד, ניט אַבשטעלענדיג זיך אפילו פון אַמאָניאַק, קאַיענישער פעפער א. ד. ג. זעלבסט פערשטענדליך, אַז דאָס אַלץ, טראָץ דעם װאָס עס מאַטערט אָב די אונגליקליכע פּאַציענטקע ביז לעצטענס, פיהרט עס דאָך ניט צו דעם געװאונשטען ערפאָלג, און דאַן ערשט הויבען זײ אָן פּאָרצונעהמען ספּעציעלע זעהר ברוטאַלישע מיטלען, װי: מאַסאַזש, אָדער ריכטיגער געזאָגט, אונזיניגעס און שטאַרקעס דריקען דעם אונטערשטען טײל בויך, אונ־ערטרעגליך הײסע פיס־בעדער, לאָזען בלוט א. ד. ג. מיטלען, װעלכע פיהרען־איבער די אונגליקליכע פּאַציענטקע.

ניט לאַנג האָט מען מיר דערצעהלט אַ זעהר אינטערעס־נעם צופאַל: אײנער אַ געװיסער קאָנאָװאַל פון דיעזער קאַטעגאָריע, אָנװענדענדיג אַלע איבענדערמאָנטע מיטלען און ניט דערגרײכענדיג קײן שום ערפאָלג האָט אויסגעטראַכט אַ זעהר אָריגינעל מיטעל: ער האָט געניט די אונגליקליכע, װעלכע איז שוין אַזוי אויך גענוג געװען אויסגעמוטשעט פון די פאָרגעהענדע „רפואות", צו שפּרינגען עטליכע און צוואַנציג מאָל דורכאַנאַנד פון אַ הויכען טיש. די געשיכטע האָט זיך געענדיגט דערמיט, װי מען האָט געקאָנט פריהער ערװאַרטען, אַז אין דרײַ טעג נאָכ'ן מפּיל'ן איז די אונגליקליכע פּאַציענטקע געשטאָרבען אין שטאָדטישען שפּיטאָל און דעם זנאַהאַר איז געלונגען אַרויסצודרעהען זיך פון די הענד פון דער פּאָליציי.

און װען דו הערסט די שרעקליכע ערצעהלונגען, װאָס צום גרעסטען בעדויערן איז ניטאָ קײן שום סבה צו צװײפלען אין זײער אמת, װײסט דו ניט אויף װאָס פריהער זיך צו װאונדערן, צי אויף די שװערע, אונערטרעגליכע עקאָנאָמישע בעדינגונגען, אויף דער פינסטערקײט פון דער מאַסע, װעלכע ערלויבט פערשיעדענע זנאַהאַרען אויספיהרען איבער זיך אַזעלכע גראָבע, פּראָסטע און אָרדינערע קונץ־שטיק, אָדער אויף דער גראָבקײט און אכזריות פון די מענשען, װעלכע ערלויבען זיך צו בעגעהן אַזעלכע מערדערײַען.

און אָפטמאָל קומט מיר אין קאָפּ אַרײַן דער געדאַנק, אַז עס מוז געװיס זײַן זעהר טיעפע און זעהר ערנסטע

אורזאַכען, וועלכע טרייבען די טויזענדער פרויען אין די געצען, וואָס זענען אויפגעשטעלט אויף זיי: און אויב זיי האָבען נישט קיין מורא, נישט פאַר די שרעקליכע בילדער, וועלכע איך האָב ערשט דאָ בעשריבען, און נישט פאַר׳ן טויט, וועלכער איז אין דיעזען פאַל אַזוי אָפט און אַזוי מעגליך, טאָ ווי קאָן מען שוין האָפען, אַז עס זאָלען זיי פערהאַלטען די קליינינקע, וויסטע און קאַלטע פאַראַגראַפען פון דעם שטרענגען געזעץ, וועלכע דראָהען אַלצאַיינס אי דער פערברעכערישער אַקושערקע, אי דער מערדערליכער מוטער.

און אין די פינסטערע, לאַנגע און פייניגענדע נעכט, ווען דער שלאָף פערמאַכט מיר די אויגען נאָכ׳ן שווערען אַרבייטסטאָג, הלומ׳ט זיך מיר אָפט, אַלע מאָל מעהר דייטליכער און בולט׳ער, איינער און דער זעלבער הלום:

אַ שעהנע, הויכע און דאַרע דאַמע, די זעלבע, וועלכע איז געקומען צו מיר די ערשטע, שטעהט אַנ׳אויפגערעגטע, פול מיט מורא און שרעק פאַר עטוואָס אונבעצייכענטעס, פאַר דער טהיר פון מיין וואָהנונג, הויבט אויף די האַנד און לאָזט זי צוריק אַראָב מיט שרעק. אָט איז זי שוין ביי מיר, אויף דעם שרעקליכען און מיר גוט בעקאַנטען פאָטעל. איך פיהל אונטער מיין האַנד איהר נאַקעטען, ציטערענדען, וואונדערבאַר שעהנעם און ווי מראַמאָר ווייסען קערפער, און אין דער נאָהענט זעה איך עפּעס אין אַ מאָדנער כלי אַ קליינינקעס, אונגעשטאַלטליכעס קערפער׳ל, און אין איהם, אין דעם אונגעשטאַלטליכען דערקען איך עפּעס אַ לעבעדיגס, עפּעס בעקאַנטע צייכענס. און אָט איז דאָס שוין נישט איינס, און זי איז שוין נישט איינע....הויכע, דינינקע — דינינקע, און זיי — רויטע און אונגעשטאַלטליכע, נאָך קיינמאָל נישט געלעבטע און שוין געשטאָרבענע, וואַקסען און מעהרען זיך און צושווימען זיך און דרעהען זיך אין אַנ׳אונענדליכען, פערהשכ׳טען, שרעקליכען און הערצרייסענד בלוטיגען טאַנץ.... און אין זייערע געשפּענסטערישע געזיכטס-צייכענס איז קיין איינציג, קיין איינציג פרעהליך קינדיש פּנים׳ל נישט פאַרהאַן...

און ערוואַכענדיג טראַכט איך ביי זיך: יאָ, דאָס וועט געשעהען....איהר וועט זיך דערצו דערוואַרטען.....

איך האָב זיך שוין אָבער צופיעל אָבגעגעבען מיינע געד-

דאַנקען און געפֿיהלען. געגנג. איך מוז ענדיגען מיין ער־צעהלונג. אַלזאָ:

די צווייטע קאַטעגאָריע מאַנסבּילען, וועלכע בּעשעפֿטי־גען זיך פּערזענליך מיט אַבּאָרטען, איז די גרופּע דאָקטוירים, וועלכע מיר אַקושערקעס האָבּען אַזוי נישט ליעב, צוליעב זייער שעדליכער קאָנקורענץ. דאָס זענען די דאָקטוירים, וועל־כע בּעזיצען גרויסע, פּראַכטפֿאָל איינגעריכטעטע, לויט די לעצטע פֿאָדערונגען פֿון דער טעכניק, אַנשטאַלטען, וועלכע רופֿען זיך כלומר'שט „גינעקאָלאָגישע היל־אַנשטאַלטען", אָבּער אין דער ווירקליכקייט פֿערנעהמט מען זיך אין זיי אויס־שליסליך מיט אַרויסרופֿען געקינסטעלטע אַבּאָרטען.

אַזעלכע אַנשטאַלטען זענען אין פּעטערבּורג יעצט פֿאַר־האַן, אויף וויפֿיעל מיר איז בּעקאַנט, צוויי. מען זאָגט, אַז אין פּאַריז און אין בּערלין געפֿינען זיי זיך צעהנדליגער.

פֿאַר געוועהנליכע אַקושערקעס צו קאָנקורירען מיט זיי איז פֿראָסט אונמעגליך, אַמוועניגסטענס — זעהר שווער.

דאָרטען אָפּערירען אָפֿט זעהר בּעוואוסטע און בּעריהמ־טעסטע דאָקטוירים, און דאָס, צוזאַמען מיט דער אַבּסאָלוטער ריינקייט, וואָס הערשט אין דיעזע אַנשטאַלטען, איז די סבה, וואָס דער פּראָצענט פֿון די טויט־פֿאָרפֿאַלען בּיי'ם פֿרוכט־אָבּטרייבּען, העלכעס ווערט אויסגעפֿיהרט אין דיעזע אַנשטאַל־טען, איז אַזוי קליין, אַלענפֿאַלס נישט העכער פֿון דער פֿון דער אַלגעמיינער נאָרמע, בּיי אַ געוועהנליכען און נאָר־מאַלען געבּורט.

זעלבּסטפֿערשטענדליך, אַז די אונגעהויער שעדליכע פֿאָלגען, וועלכע קומען על פּי רוב אפילו נאָך אַ געלונגענער פֿרוכט־אָבּטרייבּונג, זענען נישט אויסגעשלאָסען אויך דאָ.

אויסצופֿיהרען אַ מפּיל אין אַזאַ אַנשטאַלט איז בּעק־וועמער אויך צוליעב דעם, וואָס דאָ ריזיקירט מען וועניגער צו ווערען צוגעצויגען צו דער קרימינעלער פֿעראַנטוואָרט־ליכקייט, וויל אַנ׳אַנשטאַלט, זאָל זיין אַ פּריוואַטע, אָבּער אָן דער שפּיץ פֿון וועלכער עס שטעהען עטליכע בּעוואוסטע דאָקטוירים, האָט פֿערשטעהט זיך, ווינציגער שאַנסען צו ער־וועקען אויף זיך אַ חשד, ווי אַ געוועהנליכע אַקושערקע.

אָט צוליעב וואָס די פּאַציענטקעס לויפֿען אַזוי אין דיעזע

אַנשטאַלטען, נישט קוקענדיג אפילו אויפ'ן טײַערען געצאָהלט, וואָס הערט דאָרט געגומען פון זיי: 100, 125 רובל, וועהרענד אַ געוועהנליכע אַקושערקע לאָזט זיך בעטען מיט 50 און אפילו מיט 25 רובל.

עס פערשטעהט זיך, אַז גאַנץ וועניג מענשען ווייסען וועגען דער עקזיסטענץ פון אַזעלכע אַנשטאַלטען. דעם פובליקום קאָן דאָס אפילו אויף דעם געדאַנק נישט קומען, אַז אַזעלכע זאַכען זאָלען הערען אָבגעטהון אין אַזעלכע גרויסע הייל-אַנשטאַלטען, מיט אַ קאָלאָסאַלע דיענערשאַפט, וועלכע פונקציאָנירען געגצליך אָפען אויף די פּרינציפּיעלע גאַסען פון פּעטערבורג.

אגב, נישט לאַנג האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אונזער ווריבלעהיטש סטאַרעט זיך אויך אַריינצובעקומען זיך אין אַזאַ הייל-אַנשטאַלט; דאַכט זיך, אַז ער דענקט וועגען עפּעגען אַנ'אייגענע, אַ נײַע, עפּעס אין דעם מין.

האַראַקטעריסטיש, — דער פּיהלט, פון וואַנען דער ווינד בלאָזט.

———

10־טען דעצעמבער.

היינט איז יום־טוב, עס איז נישטאָ גראַדע קיין סך אַרבייט; איך האָב אַלזאָ גענומען מיין טאָג־בוך און זיך געזעצט שרייבען. וועלטען־הערען איך טהו דאָס יעצט, עס איז קיין צייט נישטאָ און איך האָב אויך נישט הערגען וואָס צו שרייבען. דערפאַר אָבער לעז איך אָפט איבער דאָס, וואָס איך האָב פריהער אָנגעשריבען.

עס זעהט מיר אויס מאָדנע און עטוואָס לעכערליך דאָס אַלץ, וואָס איך האָב אָנגעשריבען אויף די דאָזיגע פערשטויבטע און פערגעלטע בלעטלעך. צי בין איך דאָס ווירקליך די זעלבע נאַאיווע און לעכערליכע פּראָווינציאָנאַליסטקע, וועלכע האָט מיט אַ יאָהר צוריק גע'חלומ'ט אין איהר פערוואָרפען ווינקעל וועגען פּיהרען אַ קאַמפּף מיט ווינטמיהלען! צי האָט מיין „איך״ געקאָנט זיך אַזוי איבערענדערן אין פערלויף פון איין יאָהר?

נעכטען איז ביי מיר אַ שטיקעל יום־טוב געוועזען, איך

האָב געפּײַערט אַנ׳אַרט יובּילעאום: עס זענען פּונקט אַריבּער צוויי מאָנאַטען פון דער צײַט, וואָס איך האָב זיך אַריבּערגעטראָגען אין דער נײַער וואָהנונג און פּונקט אַ יאָהר, זינט איך בּין געקומען קײן פּעטערבּורג.

עס איז געווען ה ר ו ב ל ע ו ו י ט ש, אַ געוויסער פּראָוויזאָר און עטליכע אַקושערקעס פון מײַנע לאַנגסטיגע לעהרערינס. מען האָט זעהר אַ סך גערעדט, און צו מײַן גרעסטער צופריעדענהייט, האָט מען אין דעם געשפּרעך נישט בּעריהרט די פראַגע וועגען אָפּעראַציעס, זאָנדעס, אָפּאַטרונקעס, טאַמפּאָנען און דעסגלײַכען זאַכען, וועלכע האָבען מיר שוין דערעסען, און איך בּין געוואָרען אַ בּיסעל פרעהליכער.

און אין אַלגעמײַן, וואָס פאַר אַ נודנע און מאָנאָטאָנע לעבּען איך פיהר יעצט! מיט אַ בּיטערען שמײכעל דערמאָן איך זיך מײַנע נאַאיווע הלומות דאָרט, אין דאָרף, וועגען פרעהליכען פּעטערבּורגער לעבּען, טעאַטערן, קאָנצערטען א. ז. וו.

וועגען דעם אַלעם האָב איך יעצט קײן צײַט נישט אפילו צו טראַכטען. איך בּין פערנומען בּוכשטעבּליך אַ גאַנצען טאָג. די אונטערזוכונג פון די קראַנקע פערנעהמט בּײַ מיר זעהר פיעל צײַט; מיט יעדער אײנציגער בּעדאַרף מען שמועסען, פרעהליך מאַכען טרײסטען. בּעזונדערס אונאַנגענעהם איז מיט די, וועלכע זענען שוין אפילו איבּערגעקומען די אָפּעראַציע, נאָר דער רעזולטאַט איז נאָך נישט דערגרײכט געוואָרען. אין דיזער צײַט האָבען די קראַנקע, וועלכע זענען אָנגעשראָקען פון פערשידענע מעשיות און פון לײענען שאַרלאַטאַנישע בּראָשורען, איבּערנאַטירליך מורא און עס איז גענוג עפּעס דאָרט ערגעץ אַ מינדעסטער שטאָך, אַז זײ זאָל זיך אויסדאַכטען, אַז זײ האַלטען שוין בּײַ שטאַרבּען און זאָלען אָנמאַכען אַ געשרײ, אַ ליאַרם, וואָס איז נישט צו׳ם אויסהאַלטען.

זײַענדיג שוין אָנגעלערענט פון דער פּראַקטיק, טהו איך שוין יעצט אַנדערש: אויבּ איך מאַך דער פּאַציענטקע אַ פּרובּע־אָבּטרײַבּונג דאָס ערשטע מאָל און זי ווײס נישט פּינקטליך אין וועלכע מינוט דאָס מפּיל׳ן געשעהעט, רעד איך איהר אײַן, בּשעת איך פיהר אַרײַן די זאָנדע אין דער געבּערמוטער צו מאַכען דעם דורכשטיך, אַז דאָס איז נאָר אַ גע-

װעהגליכע אונטערזוכונג און אַז מיט דער אָפּעראַציע װעלבסט מוז מען נאָך זיך אויפהאַלטען, נאָר ערשט װען אַלץ ענדיגט זיך װי עס בעדאַרף צו זײַן, ענטדעק איך איהר ערשט דעם סוד.

אונבעקוועם איז אויך צו האָבען אַג'עסק מיט מאַנסלײַט, מיט אַ מאַן אָדער אַ געליעבטען פון דער פּאַציענטקע. זײ בעאונרוהיגען זיך געװעהנליך אַ סך מעהר פון דער פּאַציענטקע, און אַזוי װי איך ערלויב זײ קײנמאָל נישט צו זײַן בעת דער אָפּעראַציע, האָטש פיעל פון זײ הערען נישט אויף הײַס צו בעטען מיך װעגען דעם, הויבען זײ אָן קומען צו לויפען כמעט 6 אַ זײגער אין דערפריה און צערײַצען מיך מיט זײערע נאַרישע, דערשראָקענע פּנים'ער.

אָפּעראַציעס מאַך איך געװעהנליך צװישען 12 און 1 אַ זײגער בײַטאָג. דאָס אײגענטליך פערנעהמט בײַ מיר נישט קײן סך צײַט, אָבער דערנאָך מוז מען אין פערלויף פון עטליכע שעה זײַן זעהר פאָרזיכטיג, װײַל עס איז שטענדיג מעגליך דאָס געפאַהר פון אַנ'אונגערװאַרטעטען און שטאַרקען בלוט־שטורץ.

האָטש איך האָב זיך שוין גענוג צוגעװעהנט צו ריזיגע אָפּעראַציעס, פונדעסטװעגען קאָן איך נישט זאָגען, אַז איך זאָל די דאָזיגע שטונדען פערברענגען רוהיג.

לויט מײַן אָבמאַך מיט הרובלעװיטש'ען מוז ער מיר שטענדיג דורכ'ן טעלעפאָן צו װיסען געבען, װאו ער געפינט זיך אין די שטונדען.

איך רעקלאַמירט זיך יעצט זעהר פיעל אין די צײַטונגען, דעריבער קומען יעצט פיעל פערזאָנען זעהר פינקטליך. קוים דער זײגער שלאָגט־אויס אײנס, הערט זיך שוין אין פּאַרצימער דאָס נישט־דרײסטע און ציטערענדע קלינגען פון גלעקעל. עס גיעבען איך אַ װעלכע פּאַציענטקעס, װעלכע קומען אומישנע פריהער, אַבי זיך נישט צו בעגעגענען מיט קײנעם אין מײַן עמפּפאַנגס־צימער.

איך קען שוין יעצט זעהר גוט די פּסיכאָלאָגיע פון מײַנע פּאַציענטקעס און איך קאָן דעריבער בעפריעדיגען די פערלאַנגען פון יעדער אײנציגער פון זײ.

אַ פּאָרצימער האָב איך אַ זעהר לאַנגען און כמעט אַ

פִינסטערן. אִין אִיהם קאָנען אָבװאַרטען דִי פּאַציענטקעס, װעלכע שעמען זִיך אַרײַנצוּגעהן אִין זאַל, װען זײ זעהען דאָרט װעמען עס אִיז. דאָ װאַרטען אויף זײער אָטשערעד דִי סאַמע נִישט־דרײסטע פּאַציענטקעס, װעלכע װאַגען אפילו נִישט אַרײַנצוּקומען דורכ'ן פֿראָנטאָװען אַרײַנגאַנג, נאָר פֿערגנב'ענדיג זִיך, אײַנגעהילטע אִין טונקעלע װאָלען, קומען זײ צוּגעהן דורכ'ן קִיך־אַרײַנגאַנג.

אִין מײַן נײַער װאָהנוּנג האָב אִיך זִיבען צִימערן, װי מײנע פֿרײַנדינ'ס דריקען זִיך אויס: זעהר „שיקאַװנע״, אויפ'ן ערשטען עטאַזש, אַ פּראַכטפֿאָל־אויסמעבלירטען זאַל, אַ גרויסען קאַבינעט, דִי צִימערן פֿאַר דִי קראַנקע זענען הויכע, מִיט העלע, עהל־געפֿאַרבטע װענד, אוּמעטוּם עלעקטרישע בעלײַכטוּנג אוּן פֿאַראָװע פֿערהײצוּנג. דאָס אַלץ אִין צוּזאַמענהאַנג מִיט דעם זעהר בעקװעמען אוּן גוּטען פּוּנקט (אִיך װאָהן יעצט אויף דער גאַס X, צװײ טריט פֿון נעװסקען פּראָספּעקט), װי אויך דִי אַנאָנסען, אויף װעלכע אִיך שפּאָר קײן געלד נִישט, — האָט בעדײַטענד אויסגעהויבען מײַן פּראַקטיק, אַזױ אַז אִיך מוז גאַנץ אָפט בעטען דִי נײַע פּאַציענטקעס, אַז זײ זאָלען צוּװאַרטען עטליכע טעג, בִיז עס װעט פֿרײַ װערען װעלכעס עס אִיז אָרט אִין צִימער.

מען לאַדעט מִיך אויך אָפט אײַן צוּ מאַכען אָפּעראַציעס בײַ דִי קראַנקע אִין דערהײם. אִיך שטים דערויף אײַן מִיט פֿערגעניגען, איבערהויפּט, אויב דִי אָפּעראַציע בעדאַרף געמאַכט װערען אִין דִי ערשטע מאָנאַטען פֿונ'ם שװאַנגערן, שפּעטער אָבער אִיז עס שוין נִישט אַזאַ לײַכטער עסק, דעמאָלט אִיז שוין בעדײַטענד שװערער צוּ פֿערדעקען דִי שפּורען אוּן אָבצוּרוימען דאָס נפל'ע.

אוּן בכלל אִיז דער טײל פֿון מײַן טעטיגקײַט אויך יעצט אײנער פֿון דִי שרעקליכסטע פּוּנקטען פֿון מײַן פּראָפֿעסיע אוּן אִיך קאָן זִיך בשום אופן נִיט פֿיהלען גענצליך צוּפֿרידען.

װען אִיך קוּק אויף דעם צאַפּעלדיגען, אוּנגעשטאַלטליכען נפל'ע, װעלכעס מאַכט עפּעס מאָדנע בעװעגוּנגען, קאָן אִיך זִיך פֿאַר קײן פֿאַל נִישט איבערצײַגען אוּן אײַנרעדען זִיך, אַז דאָס אִיז נִישט קײן לעבעדיג בעשעפֿניש אוּן אַז דִי דאָזיגע בעװעגוּנגען זענען נאָר רײן־קאָנװולסינע.

דערובער מאַקן בעמיהע איך זיך שטענדיג, ווי ווייט מעגליך זיך צו ענטזאגען פון אזא אפעראציע, דעמאלט ווען די שוואַנגערשאַפט ציהט זיך שוין צו לאַנג. האָטש, איך אמת'ן געזעצד, קומט מיר דאס ניש אָן אַזוי גרינג. אַממייסטען פרויען, איבערהויפט די, וועלכע זענען שוין אַמאָל בעגאַנגען אַ פּרוכט־אָבטרייבונג, טהוען דאָס ניש ביז דער צייט, ווען די שוואַנגערשאַפט ווערט שוין אָנזעהענדיג, און אויסער דעם העלשט צווישען פיעל פרויען אַ פאַלשע און אויך גאָר נישט בעגרינדעטע איבערצייגונג, אַז די בעסטע און זיכערסטע צייט צו מפיל'ן איז צווישען פינפטען און זעקסטען חודש.

די שפּעטערע פרוכט־אָבטרייבונגען, שוין נישט רעדענדיג וועגען זייער מאָראַלישער מערדעריי און עקעל, זענען אויך פאַר דער אַקושערקע געוויסערמאַסען געפעהרליך.

דאָס פריהער די זאַך ווערט אָבגעטהון, אַלץ שווערער איז אונטערצושיידען צווישען דער מאַסע, וואָס געהט אַרויס פון דער פרוי, און געוועהנליכע בלוט־שטיקער, און אין פאַל ווען עס איז נויטיג זי צו „צערלאָזען", קאָן קיינער דערין נישט בעמערקען קיין בעזונדערעס, איבערהויפט, ווען אין וואָהנונג געפינען זיך אויך געוועהנליכע קינפעטאָרינס. אָבער וואָס שפּעטער, אַלץ שווערער איז עס אָבצוזוימען און פערטרייבען די שפּורען דערפון.

עס פערשטעהט זיך, אַז מיר טהוען געגנוג, אום די זאַכען זאָלען קיינמאל נישט אַרויסקומען און חעמען מען בעדאַרף צאָהלען מיר אויך גענוג געלד, אַ דאַנק וואָס מען פערהיט אונז פון אַלעם שלעכטען און אַלץ געהט אַריבער גליקליך.

עס איז אָבער גענוג דער מינדעסטער צופאַל, עפּעס אַ מסירה'לע פון דער דינערשאַפט אָדער פון עמיצען־אַנדערש, אַז עס זאָלען אַרויסשאַקסען זעהר ערנסטע און געפעהרליכע פערוויקלונגען.

אָנפאַנגס פלעגען די שמועסען און די ערקלערונגען מיט די פּאַציענטקעס בעת דער עמפּפאַנגונג, פערנעהמען ביי מיר זעהר אַ סך צייט, ווייל, ווי איך האָב שוין פריהער געשריבען, געהען די פּאַציענטקעס קיינמאל נישט צו גלייך צו דער זאַך. אַלע מאַכען זיך גלייך ווי זיי ווייסען כלומר'שט

נ׳ישט וועגען דעם און וענען, חלילה, דאָס גאָר נ׳ישט אויסען; מען זוכט אוים פערש׳עדענע אויסרעדען און מען פערדאַקט מ׳ר אַ קאָפּ וועגען א׳בערקומען דעם קינפּעט ב׳י מ׳ר א׳ן אַנשטאַלט, און צ׳ א׳ז נ׳ישט מעגל׳ך, אַז עס זאָל בל׳יבען א׳ן געה׳ים, און ווי א׳ז דאָס צ׳מער, ד׳ קעסט, ד׳ ד׳ענערשאַפט, און ווי פ׳על וועט דאָס קאָסטען א. ז. וו. און א׳ך פלעג דאָס אַל׳ין אויסהערען און ענטפערן און ערקלערען און ד׳נגען ז׳ך אומז׳סט שעה׳ן לאַנג.

יעצט ב׳ן א׳ך שוין קלוגער. א׳ך דערקען יעצט כמעט פון ערשטען בל׳ק, וואָס ז׳י מ׳׳נען און וואָס א׳יגענטל׳ך ז׳י פערלאַנגען פון מ׳ר און אויסמ׳ידענד׳ג ד׳ אַלע אוננוצל׳כע לאַנגע הקדמות, פערגר׳נגער א׳ך ז׳י זעלבסט באַלד א׳ן אָנהויב דעם א׳בערגאַנג צו דעם עצם פון דער זאַך.

נאָר דעמאָלט הויבט ז׳ך ערשט אָן נ׳יע פראַגען, נ׳יע ערקלערונגען און נ׳יע אָפּענהערצ׳גע אויסג׳סונגען.

ד׳ פּאַצ׳ענטקע, אָדער, וואָס נאָך ערגער, דער מאַן א׳הרער אָדער דער געל׳עבטער הויבען ז׳ך אָן מתודה ז׳ין פאַר מ׳ר, וואָס א׳יגענטל׳ך עס האָט ז׳י געבראַכט צו דעם בעשלוס אָפּצוטר׳יבען ד׳ פרוכט און, נויטענד׳ג מ׳ך אויסצוהערען אַ גאַנץ לאַנגע ה׳סטאָר׳ע, הויבען ז׳י ז׳ך ערשט אָן אויספרעגען וועגען אַלע א׳ינצעלה׳יטען פון דער זאַך: וואָס א׳יגענטל׳ך א׳ז עס אַזוינס ד׳ געקינסטעלטע פרוכט־אָפּטר׳יבונג, ווי מאַך א׳ך דאָס, צ׳ א׳ז עס נ׳ישט געפעהרל׳ך, אַמוועג׳נסטענס נ׳ישט געפעהרל׳כער פון א געוועהנל׳כען געבורט, צ׳ האָב א׳ך אַ דאָקטאָר א׳ן אַנ׳אונגל׳קס־פאַל א. ז. וו. א. ז. וו. אָהן אַנ׳ענדע.

פר׳הער פלעגט מ׳ך דאָס אַל׳ץ זעהר אויפרעגען, בעזונדערס פלעגען ז׳ך מ׳ר אויסוו׳יזען מאָדנע אונצוהעקמעס׳ג ד׳ אַלע אויספרעגעכצער וועגען דער מעגל׳כק׳יט פון טויט און צ׳ עס געפ׳נט ז׳ך ב׳י מ׳ר אַ גוטע מעד׳צ׳נ׳שע ה׳לף דעמאָלט ווען דאָס א׳ז נויט׳ג. מ׳ר האָט ז׳ך געדאַכט, אַז יעדער בעדאַרף פערשטעהן, דאָס קוים בעשל׳ס א׳ך ז׳ך אויף אַזאַ טהאַט, וואָס דראָהט מ׳ט קאַטאָרגע א׳ן פאַל ווען עס געל׳נגט נ׳ישט, סטאַרע א׳ך ז׳ך שוין אַל׳ין מסתמא מ׳ט אַלע מעגל׳כק׳יטען אויסצומ׳ידען אַלע פערוו׳קלונגען און אַז אַל׳ץ

זאָל זײַן װי געהעריג.

אָבער װען איך האָב גענומען די זאַך ערנסטער באַקלערען, איז מיר דאָס באַטרעטען פון מײַנע קליענטען גענצליך קלאָר און פערשטענדליך געװאָרען.

מען קאָן דאָך אין אמת'ן נישט פאָדערן פון זיי, אַז זיי זאָלען זײַן רוהיג און איבערגעלעגט, װען עס האַנדעלט זיך װעגען אַזאַ ערנסטע און מוראדיגע פראַגע.

דעריבער באַמיהע איך זיך, מעגליכסט קירצער, צו באַ־פריעדיגען זייער גערעכטיגע נײַגיעריגקײַט, איבערצײַגענדיג זיי, אַז האָטש קיינער קאָן נישט פאַר גאָר נישט גאַראַנטירען, באַזונדערס װעגען װערען יעדען טאָג אָפּגעמאַכט צעהנדליגער אַזעלכע אָפּעראַציעס און עס טרעפט כמעט נישט קײן אונ־גליקספאַלען און אַז עס קאָן אַלזאָ קײן רעדע נישט זײַן װעגען זייער מעגליכקײַט פון טויט. זעלבסטפערשטענדליך, אַז װעגען די אַנדערע פאָלגען פון דער געקינסטעלטער פרוכט־אָבטרײַ־בונג פערשװײַג איך אינגאַנצען. דאָסגלײַכען רעד איך קײן מאָל גאָרנישט װעגען דער עצם אָפּעראַציע, װעגען דעם באַגרענעץ איך זיך נאָר מיט אַן ערקלערונג, אַז עס טהוט דערבײַ להלוטין נאָר נישט װעה און אַז עס דויערט גאָר נישט לאַנג.

מײַן טרוקענער און רוהיגער טאָן װירקט געװעהנליך זעהר באַרוהיגענד אויף די פאַציענטקעס און זיי װערען זעהר צופריעדען דערװיסענדיג זיך, װאָס פאַר אַ נישטיגע, נאַרישע פראָסטע זאַך דאָס איז, און דאַן הויבען זיי ערשט אָן פרע־גען װעגען פרײַז.

געװעהנליך בעט איך 50 רובל. די פראָװינציאָנעלע אָדער גלאַט אונגעניטע פאַציענטקעס, נישט נאָר װאָס זיי דינגען זיך נישט, נאָר זיי זענען קענטיג צופריעדען מיט אַזאַ נידריגען פרײַז. די אָבער, װאָס די געשיכטע איז בײַ זיי נישט דאָס ערשטע מאָל, נעהמען זיך דינגען פונקט װי אויפ'ן פיש־מאַרק. ערשט נישט לאַנג האָט אײנע נאָך גאָר אַ יונ־גינקע דאַמע זיך אײַנגעשפאַרט, אַז איך זאָל איהר אַראָבלאָזען פון פרײַז, אָבטרעטען אַ געװיסען ראַבאַט: „דערפאַר בין איך דאָך עפּעס — האָט זי געזאָגט — אײַערע אַ שטענדיגע קלי־ענטין!....״

איך קאָן יעצט נישט אָהן אַ שמײכעל זיך דערמאַנען,

ווי איך פלעג אין אָנהויב אויפגערעגט און ערשטוינט הערן פון די טיפּיש־אָריגינעלע קינדערלאָזע פאָר־פעלקער, וועלכע רעדען וועגען פרוכט־אָבטרייבונג ווי וועגען קויפען אַ נײַ קלייד. יעצט געפעהלען זיי מיר מעהר ווי אַנדערע: דאָ איז חאָטש אַ ריין געשעפט, יעדער ווייס וואָס ער פערקויפט און וואָס ער קויפט; עס זענען דאָ נישטאָ די פערטרוילילכע, נער־ווען־רייסענדע מעשיות, טרעהרען, היסטערישע אַטאַקען, וועלכע איך מוז געדולדיג אַריבערטראָגען בײַ יעדער נײַער פּאַציענטקע.

גאַנץ אָפט קומט מען מיר פערדרעהען אַ קאָפּ גאַנץ אומזיסט, נאָר אויס נײַגיעריגקײַט אָדער אַזעלכע, וואָס זענען אונטערגעשיקט דורך מײַנע קאָנקורענטקעס מיט'ן צוועק זיך צו דערוויסען די אָרדנונגען אין מײַן אַנשטאַלט. עס טרעפט אויך, אַז עס קומען אײַנפאַכע שפּיאָנעס מיט'ן צוועק צו דער־וויסען זיך פון מײַן טעטיגקײַט און דערנאָך צו ציהען פון מיר געלד, סטראַשענדיג מיט אַ מסירה.

דאָס געלינגט זיי אָבער קיינמאָל נישט. איך דערקען זיי באַלד פונ'ם ערשטען בליק און וואַרף אָב אַלע ווײַטערע פאָרשלאַגען.

נאָך דעם אַלעם קאָן איך זיך נישט פיהלען געענצליך צופריעדען מיט מײַן פּראָפעסיע און אין די זעלטען פרײַע מינו־טען הער איך נישט אויף צו דענקען וועגען מײַן צוקונפט, ווען נאָך אין אַ יאָהר, צוויי וועל איך האָבען די מעגליכקײַט צו פערוואַרפען מײַן וויסטע און עקעלהאַפטע פּראָפעסיע, און פונקט ווי שטראַלמאַן וועל איך ערגעץ אַרויספאָהרען ווײַט, ווײַט... אויף דער שטילער און רוהיגער פּראָווינץ, וואו איך וועל נישט בעדאַרפען לעבען אין שטענדיגען שרעק, אין שטענדיגער ציטערניש ווי יעצט...

און מיט אַ ביטערן שמייכעל דערמאָן איך מיך מײַנע לאַנגסטיגע הלומות וועגען פּעטערבורג און עס ווײַזט זיך מיר אויס, אַז אַלע מײַנע יעצטיגע גליקען, די גרויסע פערדיענסטען, די בעקוועמע און רײַך אײַנגעריכטעטע וואָהנונג, — אַלע'ן וואָלט איך אָבגעגעבען פאַר'ן אָרימען צימער'ל דאָרטען בײַ אונזער זעמסקען שפּיטאָל, פאַר די צוגעברענטע קאָטלעטען און די פערקיהלטען באָרשטש, וואָס מײַן אַניסיע פלעגט פאַר מיר

צוגריַיטעֶן, און דערהויפּט— פאַר רוהעֶ, פאַר רוהעֶ...

איך האָב אָבעֶר גאַנץ וועֶניג צייט אויף אַזעֶלכעֶ מחשבות, אַזוי בין איך פּערקויפט אין מיין געֶשעֶפט פון 8 אַ ווייגעֶר פריה ביז 12 בייַנאַכט, און זעֶלטעֶן־ווען מעֶן לאָזט מיך רוהיג אַדורכשלאָפעֶן די נאַכט: עֶס טרעֶפט גאַנץ אָפט, אַז וועֶלכעֶ עֶס איז קראַנקעֶ הויבט־אָן האַלאַסעֶוועֶן, אָדעֶר אַנ׳אָמת׳עֶ.. קינפּעֶטאָרין פאַלט פונקט איין האַלבעֶ נאַכט צו געֶהעֶן־צו־קינד, דאַן מוז איך שוין זיין אויף די פיס אַ גאַנצעֶ נאַכט.

אָך, וואָס פאַר אַנ׳אונרוהיג און מיאוס פאָלק די קראַנקעֶ זעֶנעֶן! און נישט וועֶלעֶן זיי אָננעֶהמעֶן— איז אונמעֶגליך: זיי זעֶנעֶן אונזעֶר זיכעֶרסטעֶ און בעֶקוועֶמסטעֶ מאַסקעֶ. און אויך אונזעֶרעֶ „בעֶשיצעֶר״ חילעֶן גיכעֶר איינגעֶהן מיט אונז אין עסקים, אויב אין אַנשטאַלט געֶפינעֶן זיך אַמאָל אֶמת׳עֶ קינפּעֶטאָרינס, וויַיל דעֶמאָלט זעֶנעֶן זיי נישט אַזוי פיעל ריזיקירט.

---

15־טעֶן יאַנואַר.

נאַכט. אַלעֶ שלאָפעֶן שוין לאַנג אין מיין וואָהנונג. דורך די וואַנד הער איך דאָס גלייַכעֶ אָטהעֶמעֶן פון נאַדיעֶזשדאַ ניקאָלייַעֶווגאַ, מיין גאַנצעֶ בעל־הבית׳טעֶ און טרייַעֶ העֶלפעֶרין. אַרום אויף די גאַסעֶן האָט אַלץ איינגעֶשטילט, נאָר זעֶלטעֶן־ווען עֶס הערט זיך דאָס קלאַפּעֶן פון אַ פערשפּעֶטיגטעֶ דראָשקעֶ.

עֶס וועֶט שוין באַלד אָנהויבעֶן טאָגעֶן, אָבעֶר איך שלאָף נישט... ווי אַ לונאַטיקערין געֶה איך אַרום פון איין ווינקעֶל אין אַ צווייטעֶן אין מיין צימעֶר, אָהן אַ שום צוועֶק געֶה איך איבעֶר פון איין צימעֶר אין אַנדעֶרן און צוריק. די פיס זעֶנעֶן מיר שוין אָפגעֶשטאַנעֶן פון מידקייַט און דער גאַנצעֶר קערפּעֶר איז אויף מיר שווער און טהוט מיר שרעֶקליך וועֶה.

נאָר קוים זעֶץ איך זיך צו אויף אַ מינוט, הויבט מיך באַלד אָן טרייַבעֶן עֶפּעֶס אַ געֶהיימעֶ און ניט־בעֶוואוסטעֶ קראַפט, אַלץ וויַיטעֶר און וויַיטעֶר.

די זאַך איז געֶשעֶהן עֶרשט מיט דרייַ טעֶג צוריק.

עֶס איז געֶשעֶהעֶן דאָס, וועֶלכעֶס איז מיר אַ גאַנץ פּעֶליג יאָהר געֶשטאַנעֶן פאַר די אויגעֶן ווי אַ מורא׳דיגעֶ פּערזעֶהעֶניש, דאָס, וועֶלכעֶס האָט מיך געֶמוטשעֶט שלאָפלאָזיג און וואַ-

כּעֶנדיִג.

עֶס איז געֶוועֶן אין די געֶוועֶהנליִכעֶ עֶמפּפאַנגס-שטוּנ-דעֶן. זי שטעֶנדיִג זעֶנעֶן אַריינגעֶקוּמעֶן פּאַציעֶנטקעֶס, ווי שטעֶנ-דיִג האָבּעֶן ווי אַנ'אוּנעֶנדליִכעֶר טײַך געֶפלאָסעֶן עֶרצעֶהלוּנגעֶן אָפּעֶנהעֶרציִגעֶ ודוּיִים און טרעֶהרעֶן.

אַנ'עֶרשעֶפּטעֶ, אַנ'אָבּגעֶמאַטעֶרטעֶ האָבּ איך אָנגעֶ-שטרעֶנגט מײַנעֶ אַלעֶ קרעֶפטעֶן צוּ זײַן ווי וויײַט מעֶגליִך אוֹיפ-מעֶרקזאַם און העֶלפליִך.

עֶס זעֶנעֶן אַרײַנגעֶקוּמעֶן צוויי פּעֶרזאָן: אַ העֶרר— אַ די-קעֶר,, סאָליִדעֶר און אַנ'אָנגעֶבּלאָזעֶן-עֶרנסטעֶר, און אַ דאַמעֶ — אַ דיִנִינקעֶ, אַנ'אוֹיסגעֶדאַרטעֶ, שוֹין ניִשט קיין יוּנגעֶ, אַ פּוּר פּניִם מיִט קנײַטשעֶן.

זיי האָבּעֶן זיִך אַניִדעֶרגעֶזעֶצט. דעֶר העֶרר האָט געֶשוויִגעֶן קעֶנטיִג, עֶר האָט זיִך געֶפּיִהלט ניִשט איִבּריִג היימיִש און אַנ-געֶנעֶהם אין דעֶם גאַנצעֶן קרײַז. עֶר האָט שווער געֶאָטהעֶמט און אַלעֶ ווײַלעֶ אָבּגעֶוויִשט מיִט אַ טיִכעֶל זײַן פּעֶרשוויִצט פּניִם.

נאָר די דאַמעֶ האָט בּאַלד אָבּגעֶלאָזט איהר ציִנגעֶל, פּוּנקט ווי זי וואָלט געֶקוּמעֶן ניִשט צוּ אַנ'אַקוּשעֶרקעֶ, ניִשט וועֶגעֶן אַ שרעֶקליִכעֶ און געֶפעֶהרליִכעֶ זאַך, נאָר פּראָסט צוּ אַ פרײַנ-דיִן, אוּם צוּ פּלאַפּלעֶן העֶגעֶן אַלעֶרליי נאַריִשקײַטעֶן.

אַרוֹיסשיִטעֶנדיִג אַרוּם 40 ווערטעֶר אין אַ זעֶקוּנדעֶ האָט זי מיִר זעֶהר שנעֶל אוֹיסגעֶרצעֶהלט אַלעֶ געֶהײמניִסעֶן פוּן איהר לעֶבּעֶן. זיי זעֶנעֶן שוֹין ניִשט קיין יוּנגעֶ, שוֹין אַרוּם 20 יאָהר נאָך דעֶר חתוּנה, אָבּעֶר וואָס קאָן מעֶן טהוּן, יעֶדעֶר וויל לעֶבּעֶן און עֶר איז נאָך אַ שטאַרקעֶר און געֶזוּנדעֶר מאַנס-פּעֶרזאָן און מעֶן קאָן איהם ניִשט נוֹיטעֶן, אַז עֶר זאָל ווערעֶן אַ פּרוּש אָדעֶר עֶר זאָל עֶנטלוֹיפעֶן פוּן דעֶרהיים. און זי אַליין איז נאָך אוֹיך ניִשט קיין זקנה... בּקיצוּר, עֶס האָט זיִך מיִט זיי געֶטראָפעֶן די זעֶלבּעֶ געֶשיִכטעֶ — זי שוואַנגעֶרט, און אָנ-הויבּעֶן בּײַ די יאָהרעֶן צוּ קיִנדלעֶן קאָן זי ניִשט: עֶרשטעֶנס, האָבּעֶן זיי שוֹין געֶנוּג קיִנדעֶר. ניִנעֶטשקאַ איז שוֹין אַ דעֶרוואַקסעֶנעֶ פרײַליין, זי איז שוֹין גאָט צוּ דאַנקעֶן, 16 יאָהר אַלט, און מאָטיִק איז שוֹין אוֹיך אַ היִבּש יוּנגעֶל, עֶר געֶהט שוֹין איִן צוויִיטעֶן קלאַס גיִמנאַזיוּם.

די קינדער זענען פערזיכערט, און גוט פערזיכערט, אויף יעדען איינציגענס נאמען איז אוועקגעלעגט עטוואס קאפּיטאל. אבער אויב עס וועט נאך צוקומען א דריטעס קינד, וואס וועט זיין מיט איהם? אבצורייסען פונ'ם קאפּיטאל פון יענע קינדער איז שווער, און ניי געלד אבצושפּארען איז שוין ביי די יאהרען אביסעל שפּעט, מען בעדארף זיך אביסעל אברוהען.

און אויסער דעם, עס פּאסט גלאט נישט, שוין כמעט אנאלטיטשקע, עס איז מעגליך, אז אין קורצען זאל איך שוין א באבע ווערען, וואס־זשע וועט מען זאגען, יעדער וועט לאכען אין די פויסטען.

מיט איין ווארט, עס איז נישטא קיין אנדער אויסגאנג, נאר — צו מפּיל'ן.

נאר דאס איז א קלייניגקייט, זי האט לחלוטין קיין מורא נישט, עס איז איהר נישט דאס ערשטע מאל, דאנקען גאט. פון זינט זי איז צוריקגעקומען פון קאווקאז און האט זיך גוט פערריכט, פּיהלט זי זיך כמעט ווי א צוואנציג־יעהריגע — דריי מאל איז זי שוין פאר דער צייט שוואנגער געווארען און געמפּיל'ט אויף א געקינסטעלטען אופן און — גארנישט, אלץ איז אריבער אין דער בעסטער ארדנונג.

נאר וואס דאס לעצטע מאל האט זי נישט אינגאנצען געראטען בעקומען די עקעלהאפטע בלוט־פּליסונגען. עס איז געווען גאנץ נישט גוט. אבער וואס קאן מען טהון, זי האט זיך אזוי אויך גאנץ אפּט. זי איז גיך געקומען צו זיך. יעצט היט זי זיך, גיט אויף זיך אכטונג און, פערשטעהט זיך, אלץ וועט אריבער בשלום.

נאר ע ר האט שטענדיג מורא און קלערט נאר איבער. טאמער, חלילה, וועט זיך דאס ענדיגען שלעכט. א מאדנער מענש, כלעבען...

איך האב א קוק געטהון אויפ'ן מאן, ער האט אויסגעזעהן נאך מעהר צעמישט און ווי א פערשולדיגטער האט ער געקוקט ארום זיך.

מיר איז אפילו ארויף אויפ'ן געדאנק, אז אין אמת'ען קאן זיין, אז עס איז נישט איבריג אונגעפעהרליך אויסצופיהרען א געקינסטעלטע פּרוכס־אבטרייבונג איבער דער דאזיגער מיזערנער און שוואכער פרוי. איך האב זיך אבער דערפון גאר

ניִשט געמאַכט. מיר האָבען ענדליך אָבגערעדט אַ פּריִז און בע־שטימט דעם טאָג און די שעה, און דאָס פּאָר־פּאָלק איז אַרויסגעגאַנגען.

אָבער אין אַ צוויי דריי מינוט אַרום איז דער הערר צוריק־געקומען מיט אַנ׳אויסרעדע, אַז ער האָט פערגעסען אַ פּאָרטפּעל אין מיין קאַבּינעט, און אַנידערזעצענדיג זיך אויפ׳ן ברעג שטוהל, האָט ער אָנגעהויבען מיט אַ געאיילינגע שטימע, גלייך ווי ער וואָלט זיך פיהלען שולדיג און פערשעמט:

— איהר וועט מיר מוחל זיין, אָבער איך האָב מורא און ציטער. עס פערשטעהט זיך, אַז די פּלאַפּלערין, קוים נעהמט זי זיך אַריין עפּעס אין קאָפּ אַריין, קאָן זי שוין קיינער ניִשט איבערצייגען, אָבער פון דער אַנדערער זייט איז, זעלבּסטפערשטענדליך, אויך שווער איבּערצולאָזען די זאַך אַזוי. אין אונ־זערע יאָהרען צו ניאַנטשען זיך מיט קינדער, פּונקט ווי יונגע שנעקעס ערשט נאָך דער התונה, איז ניִשט איבּריג פּאַסיג. נאָר ווי די זאַך זאָל ניִשט זיין, בעדאַרף מען זיך פריהער גוט בעקלערען איידער מען טרעט־צו פּאָרצונעהמען איבּער איהר אַ געקינסטעלטע פּרוכט־אָבטרייבונג; דאָס איז ניִשט קיין פּרוי, דאָס איז אַ געהענדע קאָלעקציע פון פערשידענע פרויען־קראַנקהייטען, שטעלט אייך פאָר, בלויז אָפּעראַציעס האָט מען איהר שוין געמאַכט אַרום דרייסיג מאָל. פרעגט זי אַדרבה, אויף וועלכע קראַנקהייט האָט זי ניִשט געליטען און וואו האָט זי זיך ניִשט געהיילט. און וואָס וועט זיין, אַז זי וועט הלילה שטאַר־בען ביי דער אָפּעראַציע, איך האָב דאָך עפּעס קינדער, אַנ׳־אמט און אַנ׳אָנשטענדיגען אָרט צווישען מענשען. זעלבּסט־פערשטענדליך, אַז וואָס עס זאָל ניִשט געשעהן, וועל איך זיך הלילה ניִשט ערלויבען אייך צו בעשולדיגען, איהר זענט דאָ גאָרניִשט שולדיג. איך צווייפעל ניִשט אויף אַ מינוט אין אייערע פעהיגקייטען און געשיקטליכקייט, און דעריבּער, אויב עס וועט עפּעס געשעהען,, וועל איך מסתמא אָנחענדען אַלע מעגליכקייטען, אַז דאָס אונגליק זאָל ניִשט האָבען פאַר אייך קיין שלעכטע פאָלגען.

— איך זאָג אייך נאָך אַמאָל, אַז איבּערצייגען מיין ווייב איז אַנ׳אונאויספיהרליכע אויפגאַבע; מיר וועלען זיך, אַל־זאָ, אַליין־איינס מוזען ווענדען צו אַנאַנדערע, אויב איהר וועט

אגנז אָבזאָגען. וועגען אייך האָב איך אַ סך געהערט און איך וויל גיכער האָבען צו טהון מיט אַ פּערזאָן, וואָס איך קען זי.

דער הערר איז אַרויסגעגאַנגען און איך האָב נישט ווילענדיג אָנגעהויבען איבערקלערען:

ציי איז באמת כדאי צו ריזיקירען, אויב דאָס געפאַהר איז ווירקליך אַזוי גרויס? פון דער אַנדערער זייט ווידער, ווי אַזוי זאָגט מען אָב דעם פּראָסטען און אָפענהערציגען מענש, וועלכען איך וואָלט מיט׳ן אמת געוואָלט העלפען מיט אַלע מעגליכקייטען?

איך האָב אפילו געשטעלט אויף מיין געשיקטליכקייט, נאָר אויף יעדען פאַל האָב איך בעשלאָסען צו בעראַטען זיך מיט ווריבלעוויטשען און איך האָב געשיקט צו איהם אַ בריעף מיט אַ ביטע, אַז אויף מאָרגענס, אין דער בעשטימטער שעה פאַר דער אָפּעראַציע, זאָל ער קומען צו מיר.

דאָס פּאָר־פאָלק איז געקומען פּינקטליך אין דער בעשטימטער שעה. ווריבלעוויטש איז שוין פון אַ האַלבע שעה געזעסען און געוואַרט אין עס־צימער, ערנסט פערטיעפט, ווי זיין שטייגער איז, אין די ציימונגס־אַנאָנסען. באַלד ווי זיי זענען געקומען, איז ער אַריינגעגאַנגען אין קאַבינעט אונטערצוזוכען די פּאַציענטקע, און איך מיט׳ן מאַן איהרען זענען געבליבען זיצען אין עמפּפאַנגס־צימער און מיט אונגעדולד אָבגעוואַרט די רעזולטאַטען פון דער אונטערזוכונג. ענדליך האָב איך זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און בין אויך אַריין אין קאַבינעט.

— איך ווייס נישט וואָס איהר פערדרעהט אייך אַזוי אַ קאָפּ, — האָט ווריבלעוויטש געזאָגט אין אַ פיערטעל שעה שפּעטער מיט זיין רוהיגער שטימע, שטעהענדיג ביים וואַש־געשירר מיט פערוויקעלטע הענד — אַזעלכע פרו׳ען זענען דאָך אַנ׳אמת׳ער אוצר. קוקט נישט אויף איהר, וואָס זי איז אַזוי אויסגעדאַרט און מיט אַזאַ פערקנייטשט פנים; דאָס איז איינפאַך אַזאַ מין שוואָם, זי וועט יעדע צוויי טעג האָבען אַ בלוט־שטורץ — און גאָר נישט, פונקט ווי פון אַ גאַנז וואַסער. אַנ׳אַנדערע, אפילו אַ געזונדע פרוי וואָלט נישט אויסגעהאַלטען קיין צעהנטעל טייל פון דעם וואָס זי איז שוין אויסגעשטאַנען; און אויסער דעם, — האָט ווריבלעוויטש צוגעגעבען מיט אַ טיי־וועלשען עקעלהאַפטען שמייכעל אויף די ליפּען, — וואָס רי־

זיקירט איהר דאָ? דער מאַן האָט דאָך בפירוש געזאָגט, אַז וואָס עס זאָל ניט געשעהן, וועט ער די שולד ניט אַרויפ־לעגען אויף איך און וועט איך ניט אויסגעבען. אַלץ וואָס זיין שען, פיין, איהר וועט בעקומען בעצאָהלט פאַר אייער בעמיהונג און מיר וועט אויך עטוואָס אָנקומען...

איך האָב איבערגעריסען דעם אונערטרעגליכען עקעל־האַפטען געשפרעך און בין גיך אַרויסגעגאַנגען צו מיין פּאַ־ציענטקע. איך האָב בערוהיגט דעם מאַן, זאָגענדיג, אַז קיין שום אויסערגעוועהנליכע געפאַהרען זענען דאָ ניטאָ און מען קאָן האָפען, אַז אַלץ וועט אַדורכגעהען גליקליך, און די פּאַ־ציענטקע האָב איך אַריינגעפיהרט אין קאַבינעט, וועלכער איז אויך געווען, ווען מען האָט געדאַרפט, אַן אָפּעראַציאָנס־זאַל.

הרובלעוויטש'ען האָב איך געבעטען, אַז ער זאָל דער־ווייל ניט אָפּפאָהרען, טאָמער וועט מיר נויטיג זיין זיין הילף, און אַנידערזעצענדיג זיך אין עס־צימער, האָט ער זיך אויסגעניי־געגומען צו די רעקלאַמעס.

— — — — — — — —

אין אַ האַלבע שעה שפּעטער איז אַלץ געווען געענדיגט: די אָפּעראַציע איז מיר געלונגען אויפ'ן בעסטען אופן. איך האָב אַריינגעלעגט די פּאַציענטקע אין בעט און זי געבעטען, אַז זי זאָל וועניג רעדען און זאָל ליגען רוהיג.

הרובלעוויטש איז אַוועקגעפאָהרען, אַביסעל שפּעטער איז אויך דער מאַן אַוועקגעגאַנגען, גאַנץ צופריעדען, וואָס אַלץ איז אַריבער בשלום, נאָר אויף יעדען פאַל האָט ער מיר איבער־געלאָזט דעם נומער פון זיין טעלעפאָן.

עס זענען אַריבער דריי שעה, איך האָב שוין עטליכע מאָל בעזוכט מיין נייע פּאַציענטקע, אַלץ איז געווען אין אָרדנונג, האָטש ניט אַלץ האָט זיך נאָך געענדיגט.

איך האָב אָנגעהויבען די אויפנאַהמען, אינדעם דערהער איך די שטימע פון נאַדיעזשדאַ ניקאָלאַיעוונאַ, וועלכע רופט מיך פון הינטער דער טהיר. איבערבעטענדיג די דאַמע, מיט וועלכער איך האָב גראַדע דעמאָלט געהאַלטען אין מיטען שמועס, בין איך געשווינד אַרויסגעלאָפען, פיהלענדיג שוין עטוואָס ניט פרעהליכעס.

— איהר ווייסט, — האָט נאַדיעזשדאַ מיר שטיל געזאָגט

מיט אַ דערשראָקענעם פּנים, — עס איז עפּעס גישט גוט מיט דער נייער דאַמע.

אַריינקומענדיג אין צימער, וואו זי איז געלעגען, האָב איך זי געטראָפען אַביסעל אַ דערשראָקענע; איהר פּנים איז געוועזען עטוואָס בלאַסער ווי שטענדיג און אויף איין באַק האָט אַרויסגעטרעטען אַ העל־רויטער פלעק און דורכ'ן העמד האָט מען אָנגעזעהען ווי עס פליסט בלוט.

די דאַמע האָט זיך בעמיהעט אויסצוזייען רוהיג, נאָר עס איז געוועזען צו בעמערקען, אַז זי שרעקט זיך.

זעהענדיג ווי די זאַך האַלט האָב איך געהייסען נאַדיעזשדאַ'ן צוגרייטען ווי אַמשנעלסטען אַלעס נויטיגעס אויף צו דער־לאַנגען די ערשטע הילף און אַליין בין איך גיך געלאָפען טע־לעפאָנירען צו ווראָבלעוויטש'ען און צו'ם מאַן.

איך האָב געטהון אַלץ, וואָס איך האָב געקאָנט, איך האָב אָנגעווענדעט מיין גאַנץ בריה'שקייט, מיין אַלע פעהיג־קייטען, עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפען. די קראַנקע איז זעהר אָפגעשוואַכט געוואָרען און האָט אָנגעהויבען אַלץ מעהר און מעהר זיך בעאונרוהיגען.

איך האָב מיט אונגעדולד געקוקט אויפ'ן זייגער: מען זעהט נישט ווראָבלעוויטש'ען און מען הערט נישט.

פּלוצים האָט זיך דערהערט פון פאָדערצימער אַ שאַרפער קלינג פונ'ם גלעקעל. די קראַנקע האָט אַ ציטער געטהון.

— נו, דאָס איז מיינער. ער וועט געוויס אָנהויבען ל'אַרמען.. אַך, ווי עקעלהאַפט דאָס איז... ער וועט מיר דערמיט אַלץ־איינס גישט לייכטער מאַכען. איך בעט אייך, זאָגט איהם, אַז ער זאָל בלייבען זיצען דאָרטען, איך קאָן נישט אָנקוקען די דאָ־זיגע צורה זיינע די פערשאָלטענע...

איך בין געשווינד אַרויס אין פאָדערצימער. פאַר'ן שפּי־געל איז געשטאַנען ווראָבלעוויטש און האָט זיך צוגעגלעט די האָר פון קאָפּ.

— נו, זי לעבט נאָך?— האָט ער געפרעגט מיט אַנ'אירא־נישען שמייכעל.

— ע, לאָזט געמאַכט. מיר שיינט, אַז עס וועגען פאַרהאַן מינוטען, וואָס אַפילו ווראָבלעוויטשעס דאַרפען אויך זיין מענשען. קומט געשווינד, אייער הילף איז יעצט נויטיג.

ער איז מיר שוואַגענדיג נאָכגעגאַנגען, נאָר פון זיין וויטיג־געהאָרפענעם בליק האָב איך פערשטאַנען, אַז ער וועט מיר לאַנג נישט פערגעסען די דאָזיגע פראַגע.

הרובלעוויטש האָט גענומען אונטערזוכען די קראַנקע: בערך אַ האַלבע שעה האָט ער זיך געדרעהט אַרום איהר. אויף אַ ווײַלע איז בעסער געוואָרען און עס האָט זיך אויס־געוויזען, אַז אַלץ וועט זיך ענדיגען גוט, דערנאָך אָבער איז אויס׳סײַ ערגער געוואָרען און וורובלעוויטש האָט מיר גע־זאָגט, אַז איך זאָל אַרויסרופען אויף אַ קאָנסיליום נאָך איינעם אַ חבר זײַנעם.

איך האָב זיך געלאָזט געהן צו׳ם טעלעפאָן, אינדעם דערהער איך שנעלע טריט אויף די שטיגען און באַלד אַ נערוואָזע שרעקעדיגע קלינגערײַ בײַ דער טהיר.

איך האָב אויפגעעפענט. פאַר מיר איז געשטאַנען דער מאַן. פון זיין טויט־בלאַסען געזיכט האָב איך באַלד פער־שטאַנען, אַז ער ווייס שוין אַלץ, און אַ קוק טהוענדיג אויף מיר, האָט ער אויך פערשטאַנען, אַז ער האָט קיין טעות נישט. אין איינציגע ווערטער האָב איך איהם פאָרגעשטעלט דעם צושטאַנד פון דער זאַך און געבעטען, אַז ער זאָל דערווײַל נישט אַרײַנגעהן צו דער קראַנקער, אום זי נישט צו בע־אונרוהיגען.

אין אַ שעה שפּעטער איז געקומען דער צווייטער דאָק־טאָר און מען האָט אָנגעהויבען דעם קאָנסיליום. עס איז קיין ספק נישט געווען, אַז אַ טויט־רעזולטאַט איז אומפערמיידליך. דער אָרגאַניזם פון דער קראַנקער, וועלכער איז שוין געווען גענוג אָבגעשוואַכט פון די פריהערדיגע ערנסטע אָפּעראַציעס, האָט נישט אויסגעהאַלטען די נײַע פראָבע.

וורובלעוויטש׳עס חבר האָט זיך אַביסעל געבעזערט, וואָס מיר האָבען אַזוי לײַכטזיניג זיך ערלויבט מאַכען אַנ׳־אָפּעראַציע אַזאַ שוואַכער פרוי. וורובלעוויטש האָט זיך פער־ענטפערט, אַז מען האָט נישט געקאָנט פאָראויסזעהן אַזאַ פערוויקלונג און אַז פון דער צווייטער זײַט וואָלט די דאַמע סײַ ווי סײַ נישט אַריבערגעטראָגען אפילו אַ נאָרמאַלע ענט־בינדונג....

. . . . . . . . . .

איך וועל לאַנג ניִשט פערגעסען דעם טאָג. פון גאַנץ פריה האָבען זיך אין שטוב געדרעהט עפּעס אונבעקאַנטע מענשען, אַ פּאָליצייסקע קאָמיסאַר מיט אַ רעוויזאָר האָבען עפּעס צוגעריכטעט פאַפּירען. ווראבלעוויטש האָט זיך אַרומ־געדרעהט ווי אַ גאַנצער בעל־הבית, געשמועסט מיט די פּאָ־ליצייסקע בעת'ן שרייבען דעם פּראָטאָקאָל, אַרויסגעגעבען אַ צייגניס וועגען דעם טויט פון דער קראַנקער, וואו ער האָט אויסגערעכענט אויף וויפיעלערליי קראַנקהייטען זי האָט גע־ליטען און אַז זי האָט געקריגען די אַטאַקע נאָך אין דערהיים און צו מיר האָט מען זי שוין געבראַכט קוים אַ לעבעדיגע.

דער מאַן האָט געשוויגען און אונטערטעניג געטהון אַלין, וואָס מען האָט איהם געהייסען, אונטערגעשריבען און בעצאָהלט געלד. מען האָט איהם אויך אָנגעזאָגט, אַז פאַר די קינדער און קרובים זאָל ער אפילו ניִשט אויסזאָגען, וואו זי איז געשטאָרבען, זיי דאַרפען ניִשט וויסען מעהר, נאָר אַז זי איז געשטאָרבען אין עפּעס אַ שפּיטאָל.

אַרום אַכט אַ זייגער אין דערפריה איז די געשטאָרבענע שוין געוועזען אַרויסגעפיהרט אין קלויסטער. אַלץ איז אַזוי געשיקט אָבגעטהון געוואָרען, אַז די איבעריגע קראַנקע מיינע האָבען אפילו ניִשט בעמערקט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

די פּאַרציע האָט מיך אָבער אָבגעקאָסט אַ שלל מיט געלד. איך האָב געמוזט צאָהלען די שווייצאַרעס, די סטרו־זשעס און נאָך און נאָך — איך ווייס אַליין ניִשט וועמען.

ווען איך האָב זיך שפּעטער אַביסעל בערוהיגט און גענומען בערעכענען וויפיעל געלד איך האָב אַלץ דעמאָלט אויסגעגעבען, אַ חוץ דעם געלד, וואָס דער מאַן פון דער געשטאָרבענער האָט בעצאָהלט, ווערט פאַר מיר קלאָר, אַז ווראבלעוויטש האָט דעם טאָג אַראָבגעשלונגען ניִשט איין הונ־דערטער רובל.

געניטע מענשען האָבען מיר דערנאָך געזאָגט, אַז איך בין זיך דורכאויס נאַריש בעגאַנגען, ווארום קוים בין איך געוועזען פערזיכערט, אַז פון דעם מאַנ'ס זייט שטעהט מיר ניִשט פאַר קיין געפאַהר, האָב איך גאָר ניִשט געדאַרפען אויס־זאָגען פאַר קיינעם, אַז זי איז געשטאָרבען, נאָר גלייך אַהיים שיקען אַלס אַ שווערע, אונאויסהיילבאַרע קראַנקע.

נאָר ווי די זאַך איז בין איך יעצט וועהר אונרוהיג און העך נישט אויף איבערקלערען, גאָט ווייס מיט וואָס די היסטאָריע וועט זיך ענדיגען. איך רעכען אפילו, אַז די זאַך איז גענוג קונציג אָבגעאַרבייט געוואָרען דורך ווראָבלעוויטש'ען, אָבער דאָך קאָן איך זיך שוין נישט פיהלען אַזוי זיכער און אונאָבהענגיג ווי פריהער. פריהער האָב איך זיך נישט געשראָקען פאַר קיין שום מסירה, יעצט אָבער וועט דאָרט, אין קבר, נאָך לאַנג ליעגען די שרעקליכע צייגניש קעגען מיר. האָטש ווראָבלעוויטש פערזיכערט מיר, אַז ער האָט אַזוי קונציג — ווי ער דירקט זיך אויס — „בעאַרבייט" דעם מת, אַז צעהן סליעדאָוואַטעלעס וועלען די פיס צוברעכען, פונדעסטוועגען גלויב איך איהם עפּעס נישט זעהר.

———

29 יאַנואַר.

איך קאָן נאָך אַלץ נישט פערגעסען די שרעקליכע היסטאָריע. עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז אַלץ האָט זיך עפּעס אומגעענדערט דערנאָך. די עקאָנאָמקע, די דיענערשאַפט און אפילו נאַדיעזשדאַ ניקאָלייעוונאַ — אַלע קוקען עפּעס פערדעכטיג, פונקט ווי זיי וואָלטען געוואוסט העגען עפּעס אַ שרעקליכער געהיימניס.

נאָר איבערהויפּט האָב איך מורא פאַר ווראָבלעוויטש'ען. איך פיהל אינסטינקטיוו, אַז פון יענער צייט אָן איז מיין שיקזאַל איינגאַנצען צוזאַמענגעבונדען מיט איהם און אַז איך קאָן בשום אופן זיך נישט אָבטיילען פון איהם.

מען האָט מיר שוין לאַנג דערצעהלט, אַז מיט ווראָבלעוויטש'ען שטעהט עס נישט איבריג גוט: עפּעס אַן אַלטע געשיכטע, אין וועלכער ער איז געווען פערמישט נאָך מיט עטליכע יאָהר צוריק, האָט אויפּסניי אַרויפגעשוואומען פון אויבען. און אויסער דעם איז נישט שווער פאָראויס צו זאָגען, אַז זיין סוף וועט נישט זיין גוט; ער ווירקט שוין צו העזה'דיג צו אָפען.

און אויב ער וועט פאַלען, וועט ער געוויס מיטשלעפּען מיט זיך נישט בלויז מיך אַליין, נאָר נאָך פיעל אַנדערע.

ווי עס שיינט, האָט ווראָבלעוויטש באַלד פערשטאַנען, אַז איך האָב פאַר איהם מורא און ער האָט זיך טאַקי גע־

כּטאָרעס אַרויסציהען דערפון פאַר זיך װאָס מעהר נוצען. דריי טעג נאָך דעם אונגליקליכען פּאָרפאַל, האָט ער מיר אויס־געגעבען אַ רעכענונג, אַז איך זאָל איהם בעצאָהלען פאַר זיין טרחה, פאַר׳ן קאָנסיליום פון זיין הבר, פאַר... װייס איהם דער רוח פאַר װאָס אַלץ ער האָט געפאָדערט פון מיר געצאָהלט. מיך האָט דאָס װעהר פערדראָסען, הױסענדיג, אַז ער האָט אָהן דעם אויך גוט פערדיענט פון דער גאַנצער היסטאָריע. נאָר — אַ ברירה האָב איך געהאַט? איך האָב גע־שװיגען און בעצאָהלט. אין אַ װאָך שפּעטער איז ער געקומען מיט אַ נייער טענה: היות מיין פּראַקטיק פערגרעסערט זיך אַלץ מעהר און מעהר, על כן איז אַ יושר, אַז איך זאָל איהם העכערען זיין געהאַלט. עס פערשטעהט זיך, אַז איך האָב זיך אונטערגעגעבען אויך דאָס מאָל.

אָבער דאָס אַלץ איז גאָר נישט קעגען די מאָראַלישע יסורים, װאָס איך לייד פון דעמאָלט אָן. איך פיהל זיך געגצליך קראַנק און צובראָכען. איך שלאָף נישט גאַנצע נעכט, עס פּייניגען מיך עפּעס מאָדנע שרעקען און האַלוציגאַציעס. עס װייזט זיך מיר אַלץ אויס, אַז אַט קומט פּאָליציי, מען אַרעס־טירט מיך מיט מיינע העלפערס, מען גראָבט־אויס דעם מת, אַלץ בעטראַכט מען און מען פאָרשט אויס.... איך ציטער ביי יעדען קלינג, ביי יעדען שאָרך, איך האָב מורא פאַרביי־צו־געהן נעבען שװייצאַר, עס דאַכט זיך מיר נאָר, אַז אָט אָט חאַפּט ער מיך אָן און פיהרט מיך אין אוטשאַסטאָק, װען עס קומט אַמאָל אַריין דער רעװיזאָר, מוז איך אָנשטרענ־גען די גאַנצע קראַפט פון מיין װילען, אום איך זאָל פלוצים נישט אָנהויבען שרייען געװאַלד און ענטלויפען װי אַ קליין קינד.

אַזוי בין איך די לעצטע צייט דענערהירט געװאָרען. עס קאָן אָבער אַזוי נישט פערבלייבען. מען מוז זיך צוזאַמענ־נעהמען מיט אַלע כּחות, מען מוז זיך שטאַרקען!

אַך, איך זאָל האָבען די מעגליכקייט האָטש עטװאָס זיך אָברוהען!....

---

6־טען מאַי.

מען קלאַפּט.... און אפשר נישט?

יאָ, טאַקי נישט. — אַלץ אַרום איז שטיל, שטיל.

אפילו זי שווייגט, געווים האָט זי איינגעשלאָפען.

ווען וועלען זיי קומען, — באַלד, נאָך אַמינוט, נאָך אַשעה, צוויי?

און אפשר גאָר וועלען זיי אינגאַנצען נישט קומען, ער וועט זיך דערשרעקען דער משוגע'נער און וועט נישט מסר'ען....

דעמאָלט, שווער איך, דעמאָלט וואָלט איך באַלט מאָרגען פערלאָזען דאָס שרעקליכע הויז; פון מאָרגענדיגען טאָג אָן וואָלט זיך מיין האַנד נישט אויפגעהויבען מעהר צו טהון דעם פערברעכען... אָ, איך שווער, קיינמאָל, ביז מיין לעצטער מינוט!

און אפשר איז נאָך יעצט אויך נישט שפּעט?

ענטלויפען?... וואוהין און ווי... אַלעכערליכער געדאַנק....

ענטלויפען, אום מען זאָל מיך האַפּען אין אַטאָג שפּעטער און אפשר נאָך פריהער!

צי דען פאָרשט מען יעצט שוין נישט דאָרט..... אָ, מען האָט מיך שוין גוט אויפ'ן אויג.

ניין, וואָס ס'וויל זיין, זאָל זיין, איך וועל וואַרטען...

איך וועל וואַרטען און שרייבען.... מיין טאָג־בוך, מיין ליעבעם טאָג־בוך, דאָס איינציגע שטיקעלע אמת אין מיין לעבען; איך וועל שרייבען, עס קאָן זיין דאָס לעצטע מאָל, אַמהענינגסטען אויף דער פּריַהייט געווים דאָס לעצטע מאָל....

ווי אַזוי איז דאָס אַלץ געשעהען?

מיט דריי טעג צוריק איז זי געקומען צו מיר זי, נאָך אַזאַ יונגינקע, כמעט נאָך אַקינד. און קוקענדיג אויף איהר האָט זיך פראָסט נישט געוואָלט גלויבען, אַז זי איז געקומען נאָך דעם זעלבען, נאָך וואָס עס קומען צו מיר הונדערטער און טויזענדער ע'לטערע, פערדאָרבענע און אין אַלעם בעוואוסטזיניגע פרויען.

און זי איז געווען אַזוי נאַאיוו, אַזוי ריין, אַז זי איז אפילו נישט צעמישט געוואָרען בעת זי האָט מיר געזאָגט וועגען וואָס זי איז געקומען און וואָס זי פערלאַנגט פון מיר. זי האָט מיר נישט דערצעהלט גאָר נישט, ווי דער שטיינגער איז

בײַ אַלע אַנדערע פּאַציענטקעס, װעגען איהר לעבּע, הענגען דער פּערזאָן, װאָס האָט זי פּערפּיהרט און װי אַזוי זי איז געפּאַלען; זי האָט זיך נאָר געפרעגט צי מען קאָן און װען, און אױפ־שטעהענדיג האָט זי מיר מיט אַמין קינדישע ערנסטקײט פאַר־געלעגט האַנד געלד און איז אַװעקגעגאַנגען.

רעדענדיג מיט איהר װעגען דעם, װאָס מיר האָבען געהאַט בּדעה אױפ'ן צװײטען טאָג צו טהון מיר בּײדע — איך, אַלטע און פערהאַרטעװעטע קינדער־מערדערין, און די, װעלכע איז נאָך אַלײן כּמעט אַ קינד, האָט זיך טיעף אין מײַן נשמה ערװעקט דער שױן לאַנג פערגעסענער געװיסענסבּיסען און איך האָב זיך געשעמט אױפצוהױבען אױף איהר די אױגען, און אױך נאָך איהר אַװעקגעהן האָבען מיך אַ גאַנצען טאָג נישט אָבּגעלאָזט די לאַנגסטיגע פײַניגענדע ספקות און איהר קינדיש געזיכט האָט כּסדר געשװעבּט פאַר מײַנע אױגען.

אין אָװענד איז געקומען צו מיר נאָך גאָר אַ יונג יונגעל, פון 20 — 18 יאָהר, אַ הױכער און אַ שענער.

ער איז געװען שרעקליך אױפגערעגט און בּלאַס, האָט גערעדט אַ סך, אָהן אַ סדר און פּלאָנטערנדיג זיך.

פון זײַנע רעד האָב איך זיך דערװאוסט, אַז ער איז דער פערליעבּטער פון דעם מײדעל, װאָס איז הײנט געװען בײַ מיר. זי איז אַ טאָכטער פון זעהר געעהרטע, רײַכע און בּעװאוסטע עלטערן, איהר פאָטער איז אַ גענעראַל, און ער — אַ זוהן פון אַ קאָמערדינער טאַקי בּײַ דעם גענעראַל.

זײערע פערהעלטניסען דױערן שױן גענוג לאַנג, שױן בּאַלד אַ האַלבּ יאָהר און קײנער װײס נישט דערפון, מען איז איהם אפילו נישט חושד דערין. נאָר יעצט איז ל ע ל י אַ — אַזױ רופט מען זי — שװאַנגער געװאָרען.... װעגען בּעטען איהרע עלטערן, אַז זײ זאָלען איהר ערלױבּען התונה הבּען פאַר איהם — האָבען זײ נישט געהאַט אפילו װאָס צו קלערען. דער פאָטער איהרער איז אַ דעספּאָט, אַ פּאַרציײטישער מענש, ער װעט גיכער דער'הרג'ענען זײַן טאָכטער, עהדער איהר ערלױבּען התונה האָבּען פאַר אַ לאָקײ'ס אַ זוהן.

זײ האָבען דערום בּעשלאָסען צו מאַכען אַ געקינסטעלטע פּרוכט־אָבּטרײַבּונג. ער האָט געהערט, אַז מען קאָן דאָס מאַכען און אַז מען בּעדאַרף װעגען דעם בּעטען, װעלכער עס איז

אַקושערקע פון די, וועלכע רעקלאַמירען זיך אין די צייטונגען. זיי האָבען אַלזאָ אַדורכגעלעזען די אַנאָנסען, ער האָט פּערזענליך אין לאָמבאַרד איהר ציערונג און אויף אַזאַ אופן בעקומען די נויטיגע סומע געלד און דערנאָך איז לעליאַ געקומען צו מיר.

נאָכדעם, ווען לעליאַ וועט אַלץ איבערקומען בשלום, וועט זי אויסבעטען ביי די עלטערן אַנ׳ערלויבניש אַרויסצופאָהרען אויף אַ וואָך אין דאָרף צו אַ פריינדין, וועלכער זי וועט נאָך פריהער צו וויסען געבען דערפון און אויף אַזאַ אופן וועט אַלץ אָבגעטהון ווערען אין דער בעסטער אָרדנונג.

און יעצט איז ער געקומען בעטען פון מיר, אַז איך זאָל גוט אַכטונג געבען אויף זיין לעליאַ, היטען זי און אַלץ איינאָרדנען ווי אַמבעסטען, וואָרום טאָמער הלילה וועט עפּעס-וואָס געשעהען — וועגען זיי ביידע פערלאָרען.

אויפ׳ן צווייטען טאָג אין דערפריה וועגען זיי ביידע געקומען, נאָ איך האָב געבעטען דעם יונגען מאַן, אַז ער זאָל זיך דערהייל אַוועקגעהן און נישט בעאונרוהיגען זיך אַליין און זיין פריינדין, און זאָל קומען ערשט אין צוויי שעה אַרום.

איך האָב איהם, ווי מיין שטייגער איז, נישט געזאָגט, אַז איך האָב בדעה נאָך היינט צו מאַכען די אָפּעראַציע, נאָר אַז איך וועל איהר היינט מאַכען די ערשטע אונטערזוכונג.

איך וויים נישט וואָס מיר איז געשעהען, וואָס עס האָט מיך עפּעס פּלוצלונג בעהערשט אַ שרעקליכע אונרוהיגקייט און מיין געוועהנליכע קאַלטבלוטיגקייט און זיכערהייט האָבען מיך פערלאָזט. עפּעס האָט מיר דאָס האַרץ געזאָגט, אַז עס שטעהט מיר דאָ פּאַר אַנ׳אומגליק.

דאָס מיידעל האָט זיך אויסגעטהון. איך האָב זי אַוועקגעשטעלט אין מיטען צימער, נעהענטער צו דער ליכט — די אָפּעראַציעס מאַך איך כמעט שטענדיג אויף אַזאַ אופן, אַז די פרוי בלייבט אין אַ שטעהענדער פּאָזיציע.

איך האָב זי נאָך אַמאָל בעטראַכט, דעזינפּעקצירט די געהעריגע טיילען פונ׳ם קערפּער און פאָרזיכטיג אָנגעהויבען אַריינפיהרען דעם אינסטרומענט אינ׳ם העלזעל פון דער געבערמוטער.

דאָס מיידעל איז געשטאַנען געגנצליך רוהיג, נישט האָ-

בּענדיג, ווי עס שיינט, קיין בּעגריף וועגען דער וויכטיגקייט פון דיעזער מינוט.

דער אינסטרומענט איז שוין געווען זעהר טיעף אַ־ריינגעפיהרט, און פּלוצים....

איך געדענק ניט, איך ווייס נישט, ווי דאָס האָט פּאַסירט, ציּ די האַנד האָט מיר אַ ציטער געטהון, אָדער דאָס מיידעל אַליין האָט זיך גישט ווילענדיג אַ ררעה געטהון, נאָר איך האָב פּלוצלונג דערפיהלט, ווי דער אינסטרומענט האָט זיך אַ גליטש געטהון, נישט צוקומענדיג נאָך צום גויטיגען אָרט, און איז געבּליעבּען שטעהן אינים ווייכען ווענטעל פון דער געבּוירמוטער.

איך בּין שיער נישט אין חלשות געפאַלען, הענד און פיס האָבּען מיר אָנגעהויבּען ציטערן און עס איז מיר פינסטער געוואָרען פאַר די אויגען.

עס אַריבּער אַ ווײַלע, אפשר אַ פערטעל סעקונדע, נאָר מיר האָט זי זיך אויסגעוויזען ווי גאַנצע שעה'ן, און פּלוצלונג האָט אַ שרעקליכער קוויטש מיר אַ קלאַפּ געטהון ווי אַ שווערער שטיין.

דאָס מיידעל האָט זיך אַ וואָרף געטהון.... מיין האַנד האָט אויפ'סנײַ אַ ציטער געטהון, און ווידער אַ שטאָך, און ווידער אַ קוויטש....

איך האָב להלוטין פערלאָרען די קראַפט צו בּעהערשען זיך און, נישט וויסענדיג וואָס צו טהון, האָב איך זיך געוואָרפען צו דער קראַנקער, וועלכע האָט אָהנמעכטיג געקוקט אויף מיר מיט אידרע אויסגעגלאָצטע אויגען, איך האָב זי אַריינגעלעגט אין בּעט און געגומען אַרומקוקען.

פון אידר איז אַרויס אַ ביסעל בּלוט, עטליכע טראָפען.

דער וועדטאָג האָט אויף אַ ווײַלע אויפגעהערט, דערנאָך האָט ער אויפ'סנײַ זיך פערגרעסערט אַליץ שטאַרקער און שטאַרקער. דאָס מיידעל האָט געשריגען, זיך געריסען פונ'ם בּעט און געוואָלט ערגעץ ענטלויפען....

— אַזוי! — האָט זי געשריגען — אַזוי גאָר! אַ נעץ, איך זעה שוין, אַז דאָ איז אַ פולאַפּקע! מען האָט מיך אָבּ־גענאַרט, מען האָט מיר פערזיכערט, אַז דאָס אַליץ איז אַ

נאַרישקייט, אַז עס טהוט אפילו נישט וועה, און יעצט האָט איהר מיך דערהרג'עט, דערקוילעט, אָ—אָ!....

און שלאָכצענדיג האָט זיך די אונגליקליכע געוואָרפען אויף מיר, דראָהענדיג מיט איהרע קליינינקע פויסטען.

שפּעטער האָט זי זיך אַביסעל בערוהיגט און האָט אָנגעהויבען מיך בעטען, אַז איך זאָל איהר העלפען, זי ראַטעווען....

און דאָס איז נאָך שרעקליכער געווען פאַר מיר.

איך האָב זי געטרייסט, זאָגענדיג, אַז עס וועט אַליין איבערגעהן, אַז זי בעדאַרף זיך נישט אַזוי בעאונרוהיגען; אָבער דער טאָן פון מיין שטימע איז געווען אַזוי האָפנונגס־לאָז געדריקט, אַז ער האָט גאַנץ געוויס קיינעם נישט געקאָנט אָבנאַרען.

שפּעטער, אפשר אין אַ שעה אַרום נאָכ'ן אונגליק, האָב איך זיך ערשט דערמאָנט, אַז עס איז נויטיג צו רופען אַ דאָקטאָר.

איך בין צוגעלאָפען צו'ם טעלעפאָן.

— צי דער דאָקטאָר ווראָבלעוויטש איז אין דערהיים? זאָל ער, ווי גאָט איז אייך ליעב צוגעהן וואָס שנעלער, וואָס שנעלער....

עס איז אַוועק אַ מינוט.

— ביטע, ווער איז בײ'ם טעלעפאָן? — האָט זיך געלאָזט הערען דורכ'ן רעהרעל ווראָבלעוויטש'עס ויסע קול'כעל.

— ווראָבלעוויטש, — האָב איך געזאָגט אין געאײלעניש און האָב זיך אַליין דערשראָקען פאַר מיין שטימע, אַזוי איז זי געווען אָהנמעכטיג און נישט נאַטירליך. — ווראָבלעוויטש, צוויי יאָהר האָט איהר מיט מיר געטהון וואָס איהר האָט געוואָלט, איהר האָט פון מיר אַרויסגעצויגען דעם מאַרך, איהר האָט מיך געהאַלטען אין שטענדיגען שרעק, וייט וועט האָטש יעצט איין מאָל אַ מענש, קומט צופאָהרען און ראַטעוועט מיך. נעהמט פון מיר צו מיין גאַנצען פערמעגען, נאָר ראַטעוועט, ווי גאָט איז אייך ליעב, ראַטעוועט!

— אָבער וואָס אַזוינס איז דאָרט געשעהען? וואָס איז דער גוואַלד?

איך האָב איהם אין קורצען איבערגעגעבען אַלץ, וואָס

דאָ איז פּאָרגעקומען.

— אַזוי... הייסט עס אַזוי... אַ טויט־געשעפט... נו, גוט. איך וועל באַלד קומען צו אייך, איך וועל קומען אונ־בעדינגט. אַלץ, פערשטעהט זיך, איז געווענדעט אין דער מאָס און אין דעם אָרט פון דער פערוואונדונג.

און קוים האָב איך אַוועקגעלעגט דאָס רעהרעל פונ'ם טעלעפאָן איז מיר באַלד קלאָר געוואָרען, אַז ווערובלעוויטש וועט נישט קומען און איך האָב אָנגעהויבען בעדויערן, וואָס איך האָב מיך צופיעל אָנפערטרויט פאַר ווערובלעוויטש'ען און איהם איבערגעגעבען אַלע איינצעלהייטען; צו וואָס נאָך האָב איך איהם געדאַרפען זאָגען, ווער די קראַנקע איז פאַר איינע און ווי ערנסט דאָס געפאַהר איז?

אַריינקומענדיג צוריק צו דער קראַנקער, האָב איך זי געטראָפען אין אַ שרעקליך אַפּאַטישען צושטאַנד; דער וועה־טאָג האָט זיך נישט פערקלענערט און זי איז געלעגען און האָט שטיל געקרעכצט.

איך האָב אָבגעמאָסטען די היץ, געפּראָבירט דעם דופק, — אַלץ האָט געצייגט, אַז די קראַנקהייט נעהמט־אָן אַ שאַרפען און שווערען האַראַקטער.

יעדע מינוט האָב איך געקוקט אויפ'ן זייגער: געוואַלד, ווערובלעוויטש'ען, ווי אַמשנעלסטען ווערובלעוויטש'ען.

עס זענען אַזוי אַריבער צוויי שעה, צוויי שעה אין אַזאַ צופאַל, וואָס אַ פערשפּעטיגונג פון צוויי מינוט קאָן דראָ־הען מיט די שרעקליכסטע פאָלגען, און ווערובלעוויטש איז אַלץ נישטאָ.

אַ קלונג פון טעלעפאָן.

איך לויף מיט'ן לעצטען אָטהעם און האַפּ דאָס רעהרעל צום אויער.

— איך הער. — ווערובלעוויטש'עס קול.

— איהר האָט פריהער אָנגעקלונגען צו מיר? איהר האָט אַ קראַנקע?

— יאָ, יאָ. קומט, איך בעט אייך, ווי אַמשנעלסטען!

— איך בעדויער זעהר, איך קאָן נישט. איך קום ערשט פון אַ שווער קראַנקען, וואו מיין אַנוועזענהייט איז דורכאויס נויטיג. איך האָב די עהרע...

דאָס רעדערל איז אַוועקגעלעגט.

„פּאַדלעץ!" — האָב איך אַרויסגעשטאַמעלט.

עס איז קלאָר: חרובלעוויטש פערשטעהט, אַז איך וועל מיך פון דער צרה נישט אַרויסדרעהען און אַז דער צושטאַנד פון דער זאַך איז זעהר ערנסט, — היל ער בעסער בלייבען אין דרויסען.

נאָר ניין, דו ניעדערטרעכטיגער פוקס! מיר וועלען נאָך קעמפּפען צווישען זיך!

איך האָב באַלד געררופען אַן'אַנדערן דאָקטאָר און וואַרטענדיג אויף איהם האָב איך זיך דערווייל אַניעדערגעזעצט אָהנמעכטיג אין עס־צימער.

איך האָב זיך געפיהלט אַזוי דערשלאָגען, אַזוי גענדריקט, אַז יעדע איינציגע איינפאַכע פראַזע, וועלכע האָט דיך קיינמאָל גאָרנישט געלערנט, וואָלט דאָ יעצט פיעל נוצליכער געווען פאַר דער קראַנקער, ווי איך.

אַ קלונג.

„געווים דער דאָקטאָר" — טראַכט איך און לויף צו דער טהיר.

איך עפען די טהיר און.... העגד און פּיס זענען מיר אָבגענומען געוואָרען — אויף דער שוועל בעוויזט זיך גאָר ער דער יונגער מאַנטשיק. ער האָט געוואָלט אַריינגעהן, נאָר ער האָט זיך עפּעס נישט בעשלאָסען דערויף.

— נו, וואָס הערט מען מכה לעליאַ'ן? עס האָט זיך שוין דאָס אַלץ געענדיגט? נו, האָטש געלונגען?

איך האָב געשוויגען.

דער בליק פון דעם יונגען מאַן איז געוואָרען אונרוהיג.

— בעאונרוהיגט אייך נישט אומזיסט, — האָב איך ענדליך זיך קוים בעהערשט, — אַלץ איז אין אָרדנונג. נאָר יעצט קאָן מען זי נישט זעהן. עס האָט זיך ערשט נאָר וואָס געענדיגט. און דאָס וויכטיגסטע פון אַלץ איז יעצט רוהע. ביטע צו קומען אין.... דריי שעה אַרום, דעמאָלט וועט איהר קאָנען מיט איהר רעדען.

— אפשר קאָן איך האָטש אַ קוק טהון אויף איהר פון ווייטען?

— ניין, ניין, בשום אופן ניין! — האָב איך געענטפערט אויפגערעגט. מיר קאָנען זי נאָך אויפוועקען, בעאונרוהיגען. קומט שפּעטער.

דער יונגער מאַן איז נאָך געשטאַנען עטליכע מינוט אויף דער שוועל און האָט אָנגעהויבען פאַמעליך אַראָבגעהן פון די שטיגען.

פון אַלע זיינע בעוועגונגען, פון זיין גאַנג אפילו און ווי עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען — אפילו פון די צייכענס פון זיינע שולטערן איז קענטיג געווען, אַז ער שטויסט זיך און פערשטעהט ווי דאָ האַלט.

— און עפשר גאָר — האָט מיר אויף אַ ווײַלע אַ בליץ געטהון אין מה אַ געדאַנק, — אפשר גאָר איהם צוריקקעהרען, ענטדעקען איהם דעם גאַנצען צושטאַנד פון דער זאַך?...

— ניין, ניין, — האָב איך זיך באַלד אָבגעהאַלטען. — עס איז נאָך צו פריה. די האָפנונג איז נאָך נישט פערלאָרען אינגאַנצען. עס וועלען קומען דאָקטוירים, אפשר וועלען די העלפען.

אין 20 מינוט שפּעטער איז געקומען דער דאָקטאָר, דער זעלבער, וועלכער איז געוועזען דעמאָלט, ווען די קליינע דאַמע איז געשטאָרבען. און אין אַ שעה שפּעטער האָט מען גערופען נאָך צוויי דאָקטוירים און מען האָט געמאַכט אַ קאָנסיליום.

דעם צושטאַנד פון דער קראַנקער האָט מען אַנערקענט פאַר אונגעוועהנליך שווער, וועלכער קאָן ברענגען צו די ערנסטסטע פאָלגען. הויפּטזעכליך האָט זיך דער צושטאַנד פערערגערט צוליעב דעם, וואָס זי איז געבליבען העכער פון צוויי שעה אָהן שום מעדיצינישע הילף. די מיטלען, וועלכע איך האָב דערווײַל אָנגעווענדעט, זענען אַנערקענט געוואָרען אַלס אונצוועקמעסיגע.

די קראַנקע האָט געשריגען, זיך געוואָרפען און געשטערט די דאָקטוירים צו מאַכען אַן'אויספיהרליכע אונטערזוכונג.

צוויי דאָקטוירים זענען אַוועק און ביי'ם בעט פון דער קראַנקער איז איבערגעבליבען נאָר וורובלעוויטש'עס הבר. מיט שרעק האָב איך ערוואַרטעט די מינוט, ווען

בײַ דער טהיר װעט זיך דערהערען אַ קלונג און עס װעט אַרײַנקומען ער, דער שרעקליכער גאַסט. אין ער איז געקומען.

די קראַנקע האָט זיך נאָכ'ן קאָנסיליום עטװאָס בערוהיגט און װען ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין עמפּפאַנגס־צימער, האָט שוין געהערשט אַ שטילקײַט.

איך האָב נישט געװאוסט װאָס איהם צו זאָגען, סון װאָס אָנצוהױבען, און איך האָב דעריבער געשװיגען װי אַ שטומע.

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט פון דערבײַאיגען צימער, װאו די קראַנקע איז געלעגען, אַ לאַנגער, אױסגעצױגענער קרעכץ, װעלכער איז אין אַ סעקונדע שפּעטער איבערגעגאַנגען אין אַ שאַרפען אױסגעשרײַ.

דער יונגער־מאַן האָט אַ ציטער געטהון און װי עפּעס אַ שרעקליכע קראַפט װאָלט איהם געטריבען, האָט ער זיך אַ לאָז געטהון אין דער ריכטונג פון דעם געשרײַ.

איך האָב איהם געװאָלט פערהאַלטען, אָבער עס איז שוין געװען שפּעט.

. . . . . . . . . . .

איך קאָן נישט און איך װיל נישט אָבשילדערן אַלץ, װאָס האָט זיך אָבגעטהון אין דיעזען צימער.

אין בין אַנידערגעפאַלען אױף דער אָטאָמאַנע אין עס־צימער, איך האָב פערמאַכט די אױגען און פערשטאָפּט די אױערן, אום איך זאָל נישט זעהן און נישט הערען די שרעקליכע זאַכען.

עמיץ האָט מיר אַ שטאַרקען שטופּ געטהון אין זײַט. איך האָב זיך אונטערטעניגסט אױפגעהױבען און אַנידער־געזעצט.

— דו נידערטרעכטיגע מערדערין! דו... דו... — האָט דער יונגער מאַן געשריגען מיט אַ שרעקליכען צאָרן, אַז עס האָט זיך איהם אַזש געשױמט פון מױל. — יעצט װײס איך שוין װער דו ביזט פאַר אײנע און מיט װאָס דו בעשעפטיגסט זיך, װאַרט!...

מיט גרױס מיה האָט זיך קױם אײַנגעגעבען דער דיענערשאַפט איהם אײַנצוהאַלטען, אַז ער זאָל מיך נישט שלאָגען, און דאַן איז ער אָהנמעכטיג אַנידערגעפאַלען אױף דער שטוהל.

באַלד אָבער האָט ער זיך גענומען אַרויס־אויף פֿונ׳ם אָרט און מיט אַ געשריי: „צו׳ם פאַטער! צום פאָטער! דערצעהלען איהם אַלץ!... ״ איז ער אַרויסגעלאָפען אויף די גאַס.

ליעלאַ איז געלעגען פֿערחלש׳ט.

די עקאָנאָמקע האָט מיר דערצעהלט, אַז ליעלאַ האָט די גאַנצע צייט, וואָס דער יונגער מאַן איז געשטאַנען נעבען איהר, איהם געבעטען ער זאָל צו וויסען געבען וואָס גיכער איהר פאָטער, אַז מען האָט זי דאָ אומיסטען דערקוילעט, אַז דאָ איז אַ פערברעכערישע הייל א. ד. ג.

זעהענדיג שוין קלאָר מיט וואָס די זאַך וועט זיך יעצט ענדיגען, האָב איך זיך אין איין אויגענבליק אויסגערעכנעט פון מיין אַפּאַטיע און גענומען זיך צוגרייטען, ווי איך האָב געקאָנט: איך האָב געהייסען באַלד אַרויספאָהרען די צוויי אַנדערע פּאַציענטקעס, וועלכע האָבען זיך אין דער צייט געפונען ביי מיר, איך האָב אָנגעוואַשען און בעהאַלטען די מיהרער פער־דעכטליכע אינסטרומענטען, איך האָב אַרויסגעוואָרפען די פער־בּרודיגטע וועש א. ז. וו.

אָבער וואָס העלפט דאָס אַלץ, אַז צוויי טריט פון דאַנען ליעגט דער הויפּט־בעווייז קעגען מיר און איך קאָן איהם נישט פערדעקען און נישט בעהאַלטען...

דער ווייזער פון זייגער רוקט זיך און רוקט זיך...

אָ, פערפאַלען מיין פרייהייט, מיין עהרע, אַלץ, וואָס איז נאָך מיר געבליבען ביז יעצט, — פאַרפאַלען!

אַ, מען קלינגט, זיי!

די נקמה הויבט זיך אָן.

---

5־טען יוני. אין טורמע.

אין קורצען וועט פאַראיבער אַ חודש, זייט איך זיץ אין דער שרעקליכער שטייג מיט די פערהושכ׳טע פענסטער, דורך וועלכע מען זעהט קוים אַ קליינינקע שטיקעל הימעל און הינטער דער וואַנד הערט זיך אָהן אויפהער די טריט פון וועכ־טער.

יאָ, באַלד אַ חודש, און אפשר ווינציגער, און אפשר גאָר מעהר, אפשר זענען שוין יאָהרען, צעהנדליגער יאָהרען אַוועק פון יענער צייט.

איך האָב שוין פערגעסען צו רעכענען די שעה׳ן און די טעג. ווי געהען פאַרבײַ אַזוי מאָנאָטאָנע, אַזוי פּערהושכ׳ט, פּונקט ווי די טריט פון וועכטער.

אַרעסטירט האָט מען מיך דעם זעלבען טאָג, ווען דאָס אַלץ איז געשעהן. פּונקט 8 אַ זייגער מיט 7 מינוט — איך געדענק נאָך ווי יעצט — האָט זיך דערהערט אַן׳אונגעדולדיג קלינגען ביי דער טהיר און דערנאָך עמיצענס אַן׳אכזריות׳דיג קול. איך האָב זיך אויפגעהויבען צו עפענען די טהיר, אָבער די פיס זענען מיר נישט געווען געהאָרזאַם: איך האָב שוין געוואוסט, ווער דאָס איז, איך האָב פערשטאַנען, ווער עס קאָן, ווער עס בעדאַרף אַזוי צו קלינגען און אַזוי צו שרייען.

עס איז געקומען צו לויפען דאָס דערשראָקענע דינסט־מיידעל און אין אַ זעקונדע שפּעטער איז אַריינגעפאַלען אַ הויכער און דיקער אַלטער מאַן אין אַ וואָיענעם מונדיר און נאָך איהם נאָך אַ סך מענשען.

דער אַלטער איז געווען אַזוי אויפגערעגט און אַזוי רויט, אַז עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז אָט אָט פאַלט ער אַניעדער פון אַן׳אַפּאָפּלעקס׳ע.

— נ... נידערטרעכטיגע! מ... מערדערין! — האָט דער גענעראַל אויסגעשריגען, פערקייכענדיג זיך און אַרומקוקענ־דיג זיך אין אַלע זייטען, ווי ער וואָלט עמיצען זוכען.

— אַ, דו ביזט עס! — האָט ער מיט אַמאָל אויסגערופען, טרעפענדיג אינסטינקטיוו, אַז איך בין דאָס די אכזריות׳דיגע פרוי, וועלכע האָט אויף איהם אַרויפגעצויגען אַזאַ שרעקליך אונגליק, און צונויפדריקענדיג די ציינער און די פויסטען האָט ער זיך אַלאָז געטהון צו מיר.

איך בין געזעסען ווי פערכשופ׳ט און האָב זיך נישט געקאָנט ריהרען פון אָרט.

— איך וועל דיך דער׳הרג׳ענען, נידערטרעכטיגע! דער־הרג׳ענען! דערוואַרגען! — האָט דער אַלטער געשריגען און מיט אַן׳אונגלויבליכער קראַפט מיר אַ קלאַפּ געטהון מיט׳ן שפּיץ פון זיין שטיוועל.

מיר איז פינסטער געוואָרען פאַר די אויגען, די גאַנצע שטוב האָט זיך אָנגעהויבען דרעהען מיט מיר און איך האָב שיער נישט פערלאָרען די געדאַנקען.

אַ רוּטיטע און געזונדטע פּוּסט האָט אַ מינג געטהון פאַר מיינע אויגען, נאָר אין דער מינוּט האָט זיך דערהערט איבער דער גאַנצער שטוּב אַ שאַרפער, איינמעגשליכער געשריי, און דער אַלטער האָט אָהנמעכטיג אַראָבגעלאָזט זיין האַנד; ער איז מיט אַמאָל ניעדעריגער געוואָרען מיט אַ גאַנצען קאָפּ און שלעפּענדיג קוים די פּיס, איינגעבויגען ווי אונטער אַ 10־פּוּדיגער משא, האָט ער זיך געלאָזט געהן צו דער דערבייאיגער טהיר.

דאָס געשריי האָט זיך איבערגעריסען נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל...

דער אַלטער האָט זיך פערהאַלטען, געוואָלט עפּעס זאָגען און נישט געזאָגט, און ווי אַ שווערער זאַק האָט ער גע־טהון אַ פאַל אַניעדער אויפ׳ן שטוהל און זיך צווייענט מיט אַ דיניקען, טרויעריגען, קינדערשען קול.

אין אַ שעה שפּעטער איז געקומען פּאָליציי און האָט פער׳התמ׳עט מיין וואָהנונג און מיך האָט מען אַוועקגעפיהרט, איך הייס אליין נישט וואוהין. מען האָט מיך גענומען אויס־פאָרשען, נאָר איך האָב גאָר נישט געוואָלט ענטפערן, פיהלענ־דיג, אַז איך האָב להלוטין קיין כח נישט צו געבען װעלכען עס איז ענטפער, נאָר איך האָב פערשפּראָכען, אַז אויפ׳ן צווייטען טאָג וועל איך זאָגען אַלץ, וואָס מען וועט פערלאַנגען פון מיר.

זעהענדיג, אַז מען וועט מיט מיר היינט גאָר נישט מאַכען, האָט מען מיך אַריינגעשטופּט און פערשפּאַרט אין אַ האַלב־פינסטער, שטינקענדיג און שמוציג צימער.

נישט ווייט פון מיר האָב איך געהערט עפּעס אַ זידלעריי און אויסגעלאַסענע ליעדעלעך פון שכּורים.

פון דער ענגער לופט האָט זיך מיר פערדרעהט אין קאָפּ און אַנ׳אָבגעמאַטערטע פון די אַלע יסורים פון דעם שרעק־ליכען טאָג בין איך אַניעדערגעפאַלען אַ האַלב פער׳חלש׳טע, האַלב בעוואוסטלאָזע.

עס איז שוין געווען וואַהרשיינליך וועדר שפּעט, ווען איך האָב זיך ערוואַכט. אין קאָרידאָר איז געזען פינסטער, הינטער דער וואַנד האָבען איינגעשטילט די זידלערייען מיט די ליעדעלעך און דאָס גערויש פון דער גאַס האָט מען כמעט

איִנגאַנצען ניִשט געהערט.

איִך האָב לאַנג ניִשט געקאָנט פערשטעהען וואו איִך בּיִן, נאָר ווען איִך בּיִן בּעסלעכווייַז צוּ זיִך געקוּמען, האָט זיִך מיִר צוּ אַלערערשטען געשטעלט דיִ פראַגע: וואָס טהוּט מען יעצט? מאָרגען וועט מען דאָך מיִך געוויִס וויִעדער פיִהרען צוּ'ם סלעדאָוואַטעל, מען וועט אויִסניי מיִך נעהמען אויס־פרעגען, פאָרשען. וואָס זאָל איִך זאָגען און וויִ זאָל איִך זיִך פערהאַלטען? אַיִנ'עקשנ'ען זיִך און זאָגען, אַז דיִ קראַנקע איִז צוּ מיִר געקוּמען שוֹין נאָכדעם, וויִ עס איִז געמאַכט געוואָרען דיִ פראָבע אַרויסצוּרוּפען דאָס מפּיל'ן, — האָט קיִין זיִן ניִשט: דער פערברעכען איִז געטהון געוואָרען בּייַ אַזעלכע בּעדיִנגוּנגען, וועלכע לאָזען קיִין שוּם ספק ניִשט איִבּער ווענען מייַן אַנטייִל איִן איִהם.

ניִין, עס איִז שוֹין גלייַכער זיִך מוֹדה צוּ זייַן, אַלץ דערצעהלען אָפענהערציִג און וואָס עס וויִל זייַן — זאָל זייַן.

דיִ פראַגע איִז נאָר, ציִ זאָל איִך דיִ גאַנצע שוּלד נעהמען אויף זיִך, אָדער אַרויסצוּגעבּען אויך מייַנע שוּתּפים?

פוּן זייִ אַלע איִז נאָר איִין הרוּבּלעוויִטש מיִר קיִין שאָד ניִשט, דיִ גיִפטיִגע שלאַנג וואָלט איִך מיִט פערגניִגען אַרייַנגעשטוּפּט איִן דיִ הענד פוּן דער פּראָקוּראַטוּר, ער איִז שוֹין צ'פיִעל עקעלהאַפט, אַפ לוּ צוויִשען דיִ עקעלהאַפט גסטע און ניִעדערטרעכטיִגסטע. עס איִז אָבער קיִין ספק ניִשט, אַז אוֹיב הרוּבּלעוויִטש וועט דערטרוּנקען ווערען, וועט ער מיִט זיִך גאַנץ זיִכער מיִטשלעפּען פיִעל אַנדערע פערזאָנען.

נאַדיעזשדאַ ניִקאָלאַיעוונאַ — דיִ עקאָנאָמקע מייַנע, און מאַשאַ — דאָס דיִענסטמייִדעל זענען, וואָס אמת, אויך שוּלדיִג: זייִ זענען גאַניץ נאָהענט געשטאַנען צוּ דעם גאַנצען עסק; זייִ זענען דאָך אָבער געווען בּלויז אוּנוויִסענדעס געשיִהר און מייַנע הענד, צוּ וואָס אַלזאָ בּעדאַרפען זייִ לייַדען? און ווּעמען וועט דערפוּן עפּעס אַרויסקוּמען, וואָס פאַר אייִנעם און דעם זעלבּען פערברעכען וועלען אָנשטאָט אייִנער — בּעשטראָפט ווערען פיִער?

עס איִז נאָך געווען גענצליִך פיִנסטער, ווען אַ שטאַרק קלאַפּען איִן דער טהיִר האָט מיִך אויפגעוועקט. מען האָט מיִך אַרייַנגעזעצט איִן אַ גרויסער, טרייִסלענדיִגער קאַרעטע און מען

האָט מיך ערגעץ וואו אַוועקגעפֿיהרט. מיר זענען געגוג לאַנג געפֿאָהרען, ענדליך זענען מיר צוגעקומען צו אַ גאַנץ גרויסע געביידע מיט אָהן אַ שיער דורכגענג.

„קאַנצעליאַריע פֿוג'ס אויספֿאָרשונגס־ריכטער פֿאַר בעזאָנדערס וויכטיגע פּראָצעסען" — האָב איך איבערגעלייענט די אויפֿשריפֿט איבער דער טהיר.

מיר זענען אַריינגעגאַנגען. אומעטום איז נאָך געווען געפֿענצליך שטיל. עס איז אַרויסגעקומען איינער שוין ניש קיין יונגער העררר מיט אַ נים־געגאָלטען פּרצוף, אַ פֿערשלאָפֿענער און אַ צאָרנדיגער.

— נו, — האָט ער אַ געשריי געטהון אויף מיינע קאָנוואָיע בעגלייטער, — איהר זענט פֿערשלאָפֿען? פֿיהרט זי אַריין אין קאַבינעט, אַנדריי אַלעקסאַנדראָוויטש וואַרט שוין לאַנג.

מען האָט מיך צוגעפֿיהרט צו דיקע, דובאָווע טהירען מיט בלישטשענדיגע האַנטאַבעס און איפּעפּענענדיג זיי האָט מיר דער קאָנוואָיער שטיל אייגעגרוימט:

— ביטע, געהט אַריין. און בלויז פֿון דעם טאָן, מיט וועלכען ער האָט אַרויסגעשעפּטשעט די פּאָר ווערטער, איז געווען קענטיג, אַז דאָס איז זעהר אַנ'ערנסט און וויכטיג אָרט, און נישט ווילענדיג האָט מיר דאָס האַרץ אָנגעהויבען קלאַפּען, ווען איך האָב אַריבערגעטרעטען די שוועל פֿון דעם צימער.

ביי אַ קליין ביוראָ־טישעל איז געזעסען אַ העררר מיט גרויסע, קלוגע אויגען און אַ גרויסען שטערן, פֿערטיעפֿט אין דורכקוקען עפּעס פּאַפּיערען. זיין פֿאָרשענדער בליק האָט אויף מיר געמאַכט אַנ'איינדרוק, ווי אַ קאַץ, וועלכע פֿערוואַנדעלט זיך אינגאַנצען אין אויפֿמערקזאַמקייט און האָרכען, דערפֿיהלענדיג איהר קרבן פֿון דערווייטענס.

— איהר זענט פֿרוי סמירנאָוואַ? ביטע, זעצט אייך, מיר וועלען זיך אַדורכשמועסען, — האָט ער געזאָגט איבערדרעהענדיג זיך אין זיין שטוהל און אָננעהמענדיג אַ בעקוועמע פּאָזיציע, ווי ער וואָלט זיך צוגעגרייט צו אַ לענגערען געשפּרעך. — איהר ווייסט אַ ודאי, אַז ביי אייך אין וואָהנונג איז נעכטען פֿאָרגעקומען אַ טרויעריגער צופֿאַל. נאַטירליך, אַז עס איז פֿאַרהאַן אַ געוויסער פֿערדאַכט, אַז איהר האָט גענומען אַנטהייל אין דעם ענין. איהר קענט אפשר זיין, אַלזאָ, אַזוי

גוט און מיר זאָגען, וואָס אייגענטליך איז אייך בעוואוסט אין דער זאך, דעמאָלט וועט ניש׳ט אַרויספאַלען אויף אייערע פּלייצעס אַמוועניגסטענס דאָס, אין וואָס איהר זענט נישט שולדיג. אַלזאָ, וואָס זאָגט איהר דערויף, — איך העָר, גנעדיגע מאַדאַם.

אָבזאָגענדיג די ווערטער האָט ער זיך אָנגעבויגען און אויסגעשטעלט די אויערן נאָך מיט מעהר אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט. אַזוי קוקען איינער אויפ׳ן צווייטען די גענגער, ווען זיי ציהען אַרויס בעת אַ דועל דאָס ערשטע מאָל זייערע שווערדען.

נישט ווילענדיג האָב איך אַ שמייכעל געטהון. איך האָב אַביסעל רחמנות בעקומען אויף דיזען הערר. אונגליק־ליכער! ער גרייט זיך געביך צו מיט אַלע כחות דורכצו־פיהרען אַזאַ שווערע אויספאָרשונג, ער האָט זיך פערנומען אָנצושטרענגען זיין גאַנצע חכמה דערצו און פּלוצים גאָר־ וועט ער זיך באַלד איבערצייגען, אַז די אַלע הכנות זענען דורכאויס איבריג:

— יאָ, הערר סלעדאָוואַטעל, — האָב איך אָנגעהויבען: — מיר איז אַלץ בעוואוסט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין מיין חאָהגונג און איהר זאָלט וויסען, אַז איך בין זיך אינגאַנצען מודה צו דער שולד. דאָס מיידעל האָט געוואָלט מאַכען אַ געקינסטעלטע פּרוכט־אָבטרייבונג, די אָפּעראַציע אָבער האָט זיך מיר נישט איינגעגעבען און ווייטער... ווייטער ווייסט איהר דאָך שוין אודאי אַלץ אָהן מיר.

דאָס געזיכט פונ׳ם סלעדאָוואַטעל האָט פּלוצלונג אָנגע־ נומען אַן׳אויסדרוק פון אַן׳אונצופריעדענהייט: „אַזוי גאָר", האָבען געזאָגט זיינע אויגען: „באַלד ביי׳ם ערשטען טריט זיך מודה זיין!..." מיט׳ן מויל אָבער האָט ער אַנדערש גערעדט:

— אַך, דאָס איז זעהר פיין פון אייער זייט, מיר העט אייער מודה זיין פערלייכטערן מיין אויפגאַבע און אייך חאָטש עס אויך פיעל נוצען ברענגען. יעצט וועט איהר אַזוי גוט זיין מיר דערצעהלען אַלץ, איין פאַקט נאָכ׳ן אַנדערן, מיט אַלע פּרטים.

איך האָב איהם דערצעהלט די גאַנצע היסטאָריע מיט

דעם אומגליקליכען מיידעל, דעם געשפרעך מיט איהר פער־ליעבטען, די סצענע מיט איהר פאטער...

דער סלעדאָהאַטעל האָט מיך נאָך אויסגעפרעגט וועגען מיין לאַנגסטיגער טעטיגקייט, און איך האָב איהם אָפענהערציג אבגעענטפערט און אַלין אויסדערצעהלט, נאָר אוֹף די פראַגען: װער עס האָט מיר געהאָלפען, מיט וועלכע דאָקטורים איך בין געװען נאָהענט בעקאַנט, — האָב איך זיך קאַטעגאָריש ענטזאַגט צו ענטפערן, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס דער סליעדאָוואַטעל האָט זיך גראַדע ביי דעם פונקט בעזונדערס אָבגעשטעלט און האָט קונציג געוואָלט אַרויסציהען פון מיר האָטש װעלכע עס איז ידיעות וועגען מיינע שותפים.

פון דעם סלעדאָוואַטעל האָט מען מיך שוֹן נישט צוריק־געשיקט אין פאָליציי־אַרעסט, וואו איך האָב די פאָריגע נאַכט איבערגענעכטיגט, נאָר גלייך אין דער טורמע, וואו איך געפין זיך אויך יעצט.

ביי דעם סלעדאָהאַטעל האָב איך געמוזט זיין נאָך עט־ליכע מאָל.

אָפטמאָל, אַריינגעהענדיג פון איהם אָדער אַבוואַרטענדיג זיין אויפנאַהם, איז מיר אויסגעקומען צו זעהען איניגע פון מיינע פריהערדיגע בעקאַנטע, ווי נאַדיעזשדאַ ניקאָלאַיעװנאַ, וועלכע איז אַנפאַנגס אויך אַרעסטירט געוואָרען, נאָר דערנאָך האָט מען זי בעפרייט, די הויזווירטין, מיין דיענסטמיידעל מאַשאַ׳ן. אַמאָל רעדען מיר צווישען זיך אַדורך אַפאָר ווערטער און איך האָב דורשטיג יעדע מינדעסטע ידיעה פון דער „פרייהייט“.

איינמאָל האָט מען נעבען מיר פאָרבייגעפיהרט דעם דאָ־ייגען יונגען מאַן. אין אָנהויב האָב איך איהם נישט דערקענט, אַזוי האָט ער זיך געענדערט. דאָס געזיכט איז ביי איהם גענצליך פערגעלט געוואָרען, די אויגען — איינגעפאַלען, די האָר — צושויבערט. פאָרבייגעהענדיג נעבען מיר האָט ער גלייכ־גילטיג אויף מיר אַ בליק געטהון, נאָר פלוצים האָט ער מיך דערקענט, און זיין חערענדיג הי די וואַנד, האָט ער זיך אָבגערוקט אומטערוויַיליכס חי פאר אַ שרעקליכע פערזענליכקייט.

נאָך די ערשטע אויספאָרשונגען און מיין גענצליכעס מודה־זיין זיך צו דער שולד, האָט מען מיך שוין נישט אַזוי שטרענג געהיטען און ביסלעכווייז האָב איך געקראָגען די

מעגליכקייט זיך צו דערהוויסען וועגען אלץ, וואס עס האט פאסירט אין דרויסען.

נאדיעזשדא ניקאלאיעוונא פלעגט צו מיר קומען אויך זעהונגען און מיר אליין דערצעהלען, זי האט מיר אויך אפט געבראכט צו לייענען ציי טונגען.

באלד נאך מיין ארעסט האט מען ליעלא׳ן אריבער־געפיהרט אין איינע פון די בעסטע היילאנשטאלטען און מען האט זיך ענערגיש גענומען זי צו ראטעווען. אבער אלץ איז געוועזן אומזיסט — אויפ׳ן פיערטען טאג נאך דער אפעראציע איז זי אין שרעקליכע יסורים געשטארבען. איהר קערפער האט מען פערשטעהט זיך, געפאלמעכט. אין די וועגטלעך פון דער געבוויר־מוטער האבען זיך ארויסגעוויזען צוויי וואונדען און איינע פון זיי, אין אומפאנג ביז 7 צענטימעטער, האט דער־גרייכט אזש ביז דעם אונטערשטען טייל פון דער געבוויר־מוטער, דערביי האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער אייער־שטאק און די פרוכטהייטלעך ועגען געוועזן גענצליך אונבערירט.

דער פארפאל מיט ליעלא׳ן האט אויף אלעמען א־רויסגערופען א שרעקליכען איינדרוק. דעם צווייטען טאג זענען אלע צייטונגען געווען איבערפולט מיט ארטיקלען וועגען דעם ענין, וואו מען האט די זאך צובלאזען און פערטייטשט אויף פערשיעדענערליי אופנים. איך האב זיך ערשט יעצט דער־וואוסט, אז ליעלא׳ס פאטער איז ווירקליך איינער פון די אנגע־זעהענסטע פערזענליכקייטען אין די העכסטע ספערען. און פלוצים נעהמט זיינע א טאכטער און פערליעבט זיך אין א לאקיי׳ס א זוהן און דער ראמאנס ענדיגט זיך מיט אזא שרעק־ליכען עפילאג, — עס איז אלוא גאר קיין וואונדער נישט, וואס די גאנצע געזעלשאפט האט זיך אזוי שטארק פעראינטערעסירט מיט דער זאך.

צווישען אלע צייטונגס־ארטיקלען האב איך נישט בעגע־גענט, אז עמיץ זאל אויף מיר א גוט ווארט זאגען, האטש העלכען עס איז זכות געפינען. מען האט מיך פערשאלטען פון אלע זייטען און געהאלטען אין איין אויפווייזען וועגען דער נויטווענדיגקייט פון דער שארפסטער און שטרענגסטער בעשטראפונג.

דעם טאג פון ליעלא׳ס לויה איז נאך איהר מומע נאכ־

געגאַנגען אַ טויזענדקעפּיגע מאַסע, וועלכע האָט נישט אויפ־
געהערט שיטען מיט קללות אויף מיין קאָפּ. דאַגעגען האָט
מען ווידער מיטגעפיהלט דעם אונגליקליכען יונגען מאַן.

מען זאָגט, אַז נאָך דעם צופאַל איז ער נישט אינגאַנצען
בייַ'ם ריינעם געוויסען.

עטליכע מאָל איז בייַ מיר געוועזען דער אַדוואָקאַט ק. —
איינער פון די גרעסטע פּעטערבורגער אַדוואָקאַטען. ער וויל,
אַז איך זאָל איהם דורכאויס איבערגעבען מיין פּראָצעס. אָנ־
פאַנגס האָב איך איהם ענטזאַגט; איך האָב בכלל נישט געוואָלט
נעהמען קיין פערטיידיגער: צו וואָס טויגען מיר די אַלע צערע־
מאָניעס. שפּעטער האָב איך זיך מיישב געווען און האָב איינ־
געוויליגט דערויף. איך וואָלט ווהער גערן, אַז דער פּראָצעס
זאָל פאָרקומען וואָס גיכער, אָבער ווי עס ווייזט אויס, וועט
מיר נאָך אויסקומען לאַנג צו וואַרטען. אַך, די אונבעשטימטע
לאַגע! דאָס פּייניגט מיך יעצט מעהר פון אַלץ... מיט מיר
איז שוין אַלץ־איינס אַלץ געענדיגט, פון מיין צוקונפטיגען
לעבען איז אָבגערעדט, — זאָל ושע שוין נעהמען איינמאָל
פאַר אַלע מאָל אַ סוף און פּטור!

און פונדעסטוועגען פערגנב'עט זיך נאָך אַמאָל בייַ מיר
דאָרטען, ערגעץ טיעף אינעווייניג, אַ פונק פון האָפנונג: אַהין
אַהער און — אונשולדיג!...

אַ נאַריש־משוגע'נע האָפנונג....

---

22־טען יאַנואַר.

דער צוג קריכט פויל און גלייַכגילטיג אַלץ ווייטער און
ווייטער.

מען האָט אונז, אַ גרויסע פּאַרטיע פערשיקטע, אָנגע־
פּאַקט ווי די גענז אין אַ ספּעציעלען צוג, וועלכער געהט
ווידער לאַנגזאַם און אויף יעדע סטאַציע שטעהט ער אָב שעה'נ־
ווייז.

עס איז אַ געראַויש און טרויעריג...

אין דרויסען געהען פאָרבייַ מענשען, פרייע מענשען...
און אַילענדיג זיך וואַרפען זיי אַ שרעקענדיגען בליק צו די
פענסטער פון אונזערע וואַגאָנען.

אַמאָל געהט פאָרבייַ אַ באַרמהערציגע אַלטיטשקע אָדער

עפּעס אַ פּרומער סוחר, רוקען אַריין דורך די קראַטען אַ קוויטש אָדער אַ מעשענע מטבע און געזעגענען זיך מיט אַ שנעלער בעוועגונג.

דאָס פֿאָהרען איז פֿראָסט אַנ׳אָבקומעניש.

אין די וואַגאָנען איז קאַלט נישט צום פערטראָגען; צו עסען גיט מען כמעט גאָר נישט; מען גיט עפּעס אַ מין שווײַנערײַ. נאָר דאָס אַלץ וואָלט נאָך געווען צו דערלײַדען, ווען נישט דער שמוץ, דער שרעקליכער, אונערטרעגליכער שמוץ.

און שמוציג איז אומעטום — אויף דער פּאָדלאָגע, אויף די פענסטער, אינ׳ם עסען. איבער די ווענד אויפ׳ן געלעגער און איבער׳ן גאַנצער קערפּער ראָיעט אַזש פֿון אימפּלאָד...

איך האָב נישט ערוואַרטעט, אַז מיר וועט אַזוי שווער זײַן אריבערצוטראָגען די אַלע מאַטעריעלע אונבעקוועמליכקײַטען.

היינט האָב איך געקריגען עפּעס אַ שטיקעל אָבגעריזשעטען בלײַשטיפט און איך האָב זיך אַוועקגעזעצט שרײַבען דאָס ערשטע מאָל זײַט איך בין אונטערוועגס, און, וואַהרשײַנליך, וועלען דאָס אויך זײַן די לעצטע שורות פֿון מײַן ודוי; איך וועל געוויס שוין נישט האָבען מעהר די מעגליכקײַט זיך צו צוריהרען צו מײַן טאָג־בוך.

איך וויל פּרובען סטאַרען זיך אין קורצען איבערצוגעבען אַלץ, וואָס עס האָט פּאַסירט פּאַר מײַן אָבפּאָהרען. —

אין דעם טאָג, ווען מײַן פּראָצעס האָט געזאָלט פֿאָרקומען, בין איך אויפגעשטאַנען פּאַרטאָג: איך האָב כמעט אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג נישט צוגעמאַכט, נאָר געדרעהט זיך פֿון איין זײַט אויף די צווייטע אויף מײַן האַרטען געלעגער. דאָס בעוואוסטזײַן, אַז מאָרגען דאַרף זײַן מײַן יום־הדין, אָן וועלכען עס איז אָבגעהאַנגען דאָס גאַנצע שיקזאַל פֿון מײַן לעבען, האָט מיר שמערצליך פערקלעמט מײַן האַרץ און מיך נישט געלאָזט אײַנרוהען.

ערשט האַלב 10 אַ זייגער האָט זיך דערהערט, ווי רעד שליסעל דרעהט זיך איבער אינ׳ם שלאָס פֿון מײַן קאַמער.

עס איז אַרײַנגעקומען דער אויפזעהער, דער גוטהערציגער און גרויער אַלטיטשקער, און מיט איהם צוזאַמען ...נגען

אַריין צווײַ קאַנוואָינע, און זענען געבליבען שטעהן בײַ דער טהיר.

— נו, ביטע, — האָט דער אַלטיטשקער געזאָגט און זײַן געזיכט איז דערבײַ ערנסטער געוועזען ווי אַלעמאָל, — היינט איז אייער אָטשערעד. זאָל אײַך גאָט העלפען, אַז עס זאָל זײַן האָטש נישט זעהר שלעכט.

איך בין אַרויסגעגאַנגען צווישען ביידע קאַנוואָינע מיט די בלאַנקע שווערדען אין די הענד. פון דער פרישער לופט האָט זיך מיר אַזוש דער קאָפּף פערדרעהט. מען האָט מיך אָבער נישט געלאָזט לאַנג געניסען פון דער פרײַער לופט; מען האָט מיך כמעט אַרײַנגעשטופּט אין די פערמאַכטע קאַרעטע, וועלכע האָט באַלד אָנגעהויבען קלאַפּען איבערן שטיינערנעם ברוק פון דער גאַס.

איך האָב זיך צוגערוקט צום פענסטערל און מיט דורשט גענומען אַרויסקוקען אויף די בעקאַנטע און היימישע גאַסען און נישט ווילענדיג האָבען מײַנע ליפּען אַרויסגעשטאַמעלט:

— דאָס לעצטע מאָל!...

— דאָך אפשר... — האָט אַ נישט דרײַסטער געדאַנק זיך פערגנב'עט אין מײַן האַרץ.

אויפ'ן פּלאַץ פאַר'ן אָקרוזשנאָי סוד זענען געשטאַנען פיעל רײַכע קאַרעטען און אויטאָמאָבילען צו וועלכע עס זענען יעדע רגע צוגעקומען נאָך און נאָך, וועלכע האָבען צוגעבראַכט פערשיעדענע הויכגעשטעלטע אין רײַכע הערען און דאַמען אין עפּעקטנע טואַלעטען: עס האָבען זיך אויך געדרעהט אַרוים און אַרײַן פיעל זשורנאַליסטען. עס האָט זיך באַלד געוואָרפען אין אויג, אַז היינט בעדאַרף פאָרקומען עפּעס אַן אויסערגעוועהנליכער פּראָצעס.

מען האָט מיך אַרײַנגעפיהרט אין אַ צימער נעבען דעם זאַל, וואו עס האָט געזאָלט פאָרקומען די זיצונג פון געריכט.

מיט אַ פערקלעמט האַרץ האָב איך געקוקט אויף די פערמאַכטע טהירען פון'ם זאַל און האָב ביטער געטראַכט: אָט דאָרטען, אין דעם היילינטום פון גערעכטיגקײַט, וועלען מענשען, וועלכע וועלען מיך היינט אָנקוקען דאָס ערשטע מאָל אין לעבען, בעשליעסען וועגען מײַן גורל.

געבען מיר זענען געזעסען נאָך עטליכע אַרעסטאַנטען,

וועלכע האָבען אויך היינט געזאָלט געמשפט ווערען, — בלויז שטומפּיגע, גלייכגילטיגע פּנימ'ער מיט שרעקליך ציניש אויס־דריקען.

אָט װענען זיי, מײנע קינפטיגע חברים!...

די צייט האָט זיך װעדר לאַנגזאַם געצויגען, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס דאָזיגע פּײניגענדע װאַרטען װעט זיך שוין קיינמאָל נישט ענדיגען.

אין אַ װײלע שפּעטער האָט זיך געעפענט די טהיר פון אַרױסגאַנג און צוויי קאָנזאָינע סאָלדאַטען מיט בלאַנקע שווער־דען האָבען אַריינגעפיהרט א י ה ם, מיין נישט־וױלענדיגען שותף. איך האָב זיך געשראָקען, אַז אָט װעט זיך דאָ צושפּיעלען אַ שרעקליכע סצענע. עס איז אָבער געװען אַנ־אומזיסטע שרעק; דער יונגערמאַן האָט זיך שווייגענדיג אַניע־דערגעזעצט אויפ'ן שטוהל, און װאַרפענדיג אויף מיר אַ שטומ־פיגען און גלייכגילטיגען בליק, האָט ער אַראָבגעלאָזט זיין קאָפּ אויף די הענד און איז ווי פערגליווערט געוואָרען אין אַג'אונבעוועגליכע פּויזע.

ענדליך האָט זיך געעפענט די טהיר פונ'ם זיצונגס־זאַל און דער סודעבני פּריסטאַוו האָט אין געאַיילעניש אויסגערו־פען מיין נאָמען און דעם נאָמען פון מיין מיטשולדנער.

צו בעשרייבען מיינע געפיהלען אין דער ערשטער מינוט, ווען איך בין אַריינגעקומען אין זאַל, — איז פאַר מיר יעצט אונ־מעגליך; איך בין אַזוי צעמישט געוואָרען, אַז איך האָב פּשוט נישט געזעהן, וואָס אַרום מיר טהוט זיך און האָב נישט גע־קאָנט אונטערשיידען קיין איינציג געזיכט. אָבער בימלעכווייז האָב איך זיך עטוואָס בערוהיגט און דאַן האָב איך זיך אַרומ־געקוקט און געזעהן, אַז דער זאַל איז געפּאַקט פון פּובליקום, דער רוב פון וועלכען איז בעשטאַנען פון די העכערע קלאַ־סען, די סמעטענע פון דער פּעטערבורגער געזעלשאַפט. אַלע אויגען זענען געווען אויף מיר אָנגעווענדעט, פון דער גאַלעריע און פון די ווייטערע ערטער האָט מען מיט לאָרנעטען אויף מיר געקוקט, ווי עפּעס אויף אַ זעלטענע היה...

נאָר ווער איז עס דאָרט, אין סאַמע ווינקעל, מיט די געדיכטע וואָלען אויף די געזיכטער? אַ, דאָס זענען מיינע אַלטע בעקאַנטע! אָט איז די בעוואוסטע E. פון דער טראָ־

אויצקער גאַס, איינע פון די בעריהמטעסטע אַקושערקעס; און אַמ דאָרט שטעהט .T, וועלכע בעזיצט אַ ריעזיגע אַנשטאַלט כמעט אויף סאַמע נעווסקי פּראָספּעקט. און פּלוצלונג האָט אַ בעזער געדאַנק מיר אַ בליק געטהון אין מוח:

„ציי וואָלט נישט גלייך געווען, אַז איך זאָל זיך אַזוי אויפהויבען פון מיין אָרט און, אויסרופענדיג זייערע נעמען, פערבעטען זיי, אַז זיי זאָלען זיך זעצען אָט דאָ נעבען מיר, אויף זייער געהעריגען אָרט, און נישט זיי זאָלען זיך שטעהן פון דערווייטען און צוקוקען, ווי מען פייניגט און בעשטראָפט זייער פריינדין״...

ענדליך זענען אַריינגעגאַנגען אין זאַל די ריכטער און האָבען פערנומען זייערע ערטער, און נאָך די געוועהנליכע צערעמאָניעס האָט דער פּרעזיצענדער מיר געשטעלט די געוועהנליכע פראַגען וועגען עלטער, רעליגיע א. ז. וו.

איך האָב זיך באַלד אָפענהערציג מודה געווען אין אַלעם.

דאַן האָט מען גענומען אויספרעגען מיין שכן, וועלכער האָט כמעט ווי נישט געענטפערט אויף די פראַגען, נאָר שווייגענדיג צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ; נאָר אויף די פראַגע, צי ער איז זיך מודה אין זיין שולד, האָט ער אויף אַנ׳אוננאַטירליך הויכען קול אויסגעשריגען:

— ניין, איך בין גאָר נישט שולדיג!

איך וועל גאָר נישט פּראָבירען דאָ אָבצושילדערן אַלץ, וואָס איך האָב איבערגעלעבט איבער דער צייט פון די געריכטס-פּראָצעדורען: צו שוואַך בין איך יעצט דערצו. איבעריגענס, האָבען די מענגע צייטונגס-רעפּאָרטערן, וועלכע האָבען זיך דאַן געפונען אין זיצונגס-זאַל, געוויס איבערגעגעבען אין אַלע צייטונגען אַנ׳אויספיהרליכען בעריכט וועגען אַלע איינצעלהייטען.

אם מייסטען האָב איך געליטען אין דער צייט, ווען דער פּראָקוראָר האָט געהאַלטען זיין גיפטיגע רעדע, אין וועלכער ער האָט מיט אַ בעזונדערער הייז אויסגעוויזען מיין גאַנצע ניעדערטרעכטיקייט, די גאַנצע טיעפקייט פון מיין פערברעכען געגען דער גאַנצער געזעלשאַפט, געגען דער מאָראַל און געגען דער מלוכה און האָט דעריבער געפאָדערט פאַר מיר די שטרענגסטע בעשטראָפונג.

יעדעס וואָרט זײַנ׳ס האָט געשניטען מײַן האַרץ ווי מיט מעסער, און אַז איך האָב עס אויסגעהאַלטען, בין איך טאַקי שטאַרקער פון אײַזען...

און זײַנע ווערטער האָבען טאַקי געווירקט אויף די ריכטער, נישט קוקענדיג אויף די גלענצענדע רעדע פון מײַן פערטייִדיגער, וועלכער האָט פּאַקטיש דערוויזען, אַז לויט די יעצטיגע עקאָנאָמישע לעבענס-בעדינגונגען איז די געקינסטעלטע פּרוכט-אָבטרײַבונג אַ נויטווענדיגע זאַך, אַז צו בעשטראָפען איין מענש פאַר די זינד פון דער גאַנצער געזעלשאַפט איז אַנ׳אונזין און אַנ׳אונרעכט א. ז. וו. און נישט קוקענדיג אויף דערויף, וואָס די עקספּערטען האָבען בעוויזען, אַז אין דעם אונגליקליכען צופאַל מיט לי עלא׳ן קאָן מען מיך בשום אופן נישט בעשולדיגען אין ניט-געשיקטליכקײַט אָדער אונפאָרזיכטיגקײַט, און אַז אַזאַ צופאַל קאָן זיך טרעפען בײַ יעדע אָפּעראַציע אפילו בײַ די בעסטע הירורגען.

די ריכטער זענען אַוועק אין בעראַטונגס-צימער און נאָך אַ קורצער ווײַלע זענען זיי צוריק אַרײַנגעקומען און מען האָט אָנגעהויבען לייענען די ערשטע פראַגע:

— צי איז זי שולדיג?

— יאָ, שולדיג. — האָט זיך געהערט דער אונבאַרהמנות׳דיגער ענטפער פון דער געזעלשאַפט.

— אָבער זי פּעדיענט האָטש אויף אַ געוויסע פּערצײַהונג, — האָט נישט דרײַסט אָנגעהויבען בעטען עמעץ בײַ מיר אינעווייניג, און דאָס האַרץ האָט זיך פערקלעמט וואַרטענדיג דערויף עמעס אַנ׳ענטפער.

אָבער דאָס קול פון באַרמהערציגקײַט האָט געשוויגען. זיי האָבען זיך נוקם געווען די מענשען פאַר זיך און פאַר זייערע קרבנות.

און אין דער מינוט האָט עמיצענס אַ משוגע-טריאומפירענדער געשריי, אַ געוויין אויסגעמישט מיט אַ געלעכטער, דורכגעשניטען די לופט פון זאַל.

און נישט איבערדרעהענדיג זיך האָב איך באַלד געוואוסט, ווער דאָס איז; איך האָב געפיהלט, אַז דאָס טריאומפירט ער, דאָס פײַערט ער מײַן אורטייל.

אין הם האָט מען פרײַגעשפּראָכען.

איך ווייס נישט, צי איך בין אין הלשות געפאַלען, צי ־וואָס, נאָר איך געדענק גאָר נישט, וואָס ווייטער איז פאָר־געקומען.

— — — — — —

דאָס ליכט אין וואַגאָן צאַנקט. מען וועט שוין נישט צו שרייבען...

אַדיע, מיין טאָג־בוך; אַדיע, מיין לעבען; אַדיע, די גאַנצע וועלט...

ע נ ד ע.

